יעקב לעשצינסקי.

# דער אידישער ארבייטער.

(אין רוסלאנד).

ביכערפערלאג
„צוקונפט".
ווילנא.

ЕВРЕЙСКІЙ РАБОЧІЙ (въ Россіи).

**Якова Лещинскаго.**

Вильно. Типографія Пирожникова, Завальная ул. № 1147.
**1906.**

# איינִיגע ערקלערונגען.

---

מִיר מוזען דאָ זאָגען עטלִיכֿע ווערטער אום אײַנִיגע פֿראַגען צו ערקלערען.

ערשטענס, פֿאַרוואָס האָבֿען מִיר אָבֿגעטײַלט פוילען?

נאָךְ אונזער מײַנונג, מוז דִי לאַגע פֿון דִי אִידִישע אַרבֿײַטער אִין פוילען בעזונדער אויסגעפֿאָרשט ווערען, מחמת פֿאָלגענדע טעמים: א) הִיסטאָרִיש אִיז זײַער לאַגע אִין אַ געווִיסער מאָס געווען פֿערשִידען פֿון זײַערע ברִידער אִין לִיטא און אוקראַינע און בעזאָנדערס אִין נײַ=רוסלאַנד. ב) דִי נאָךְ בִּיז יעצט אײַגענאַרטִיגע ענטווִיקלונג פֿון פוילען האָט אַרויפֿגעלײַגט אִיהר שטעמפעל אויךְ אויפֿ'ן שִיקזאַל פֿון אִידִישען אַרבֿײַטער דאָרטען.

צווײַטענס. פֿאַרוואָס האָבֿען מִיר אַלע אונזערע געגענאַנדערשטעלונגען פֿערגלייכֿט נאָר מִיט דִי זאָגענאַנטע צענטראַלע רוסִישע גובֿערניעס און האָבֿען אִין גאַנצען אַרויסגעטײַלט באַלטִישען ראַיאָן און קאַווקאַז?

באַלטִישער ראַיאָן לײַדט זעלבֿסט פֿון אַ געווִיסער אִיבֿערבעפֿעלקערונג, און פֿון אַ גרויסער אִידִישער עמִיגראַציאָן אַהִינצו הלומט אַפִילו קײנער נִיט; חוץ דעם שטעהט ער אויף אַזאַ שטופֿע פֿון טעכֿנִישער ענטווִיקלונג, אַז פֿון קאָנקורענץ פֿון דִי אִידִישע אַרבֿײַטער מִיט דִי הײמִישע קען גאָר קײן רעדע נִיט זײן, און קײנער האָפֿט טאַקי דערויף נִיט. קאַווקאַז בלײבֿט נאָךְ בִּיז יעצט נִיט גענוג בעקאַנט, און פֿאָראויסצוזעהען דִי מעגלִיכֿקייט אָדער אונמעגלִיכֿקייט פֿון אַ בעדייטענדער אִידִישער אײנוואַנדערונג אִיז אַ זאַךְ פֿון טרעפֿענִישען, און דִיזע אַרבֿײַט לאָזען מִיר פֿאַר אַנדערע. דערפֿאַר, אויף דִי צענטראַלע רוסִישע גובֿערניעס האָפֿען שוין פֿון לאַנג אונזערע בעלי=בתים פֿון אַלע קלאַסען און אויךְ שרִיפֿטשטעלער פֿון פֿערשִידענסטע לאַגערן; דִיזע אִילוזיע האָבֿען מִיר געדעכֿענט פֿאַר נוצלִיךְ צו צושטערען.

י. ל.

# I.

ווען די הייניגע סאָציאַלע דעמאָקראַטיע רעדט אין נאָמען פון די מאַסען־אינטערעסען, ווען זי צייכענט אָן אויף איהר פאָהן די בעפרייאונג פון נאַציאָן און מענשהייט, אָבוואָל דער פּראָלעטאַריאַט בילדעט דערווייל אַ מינדערהייט און אין פילע לענדער זאָגאַר אַ אונבעדייטענדע מינדערהייט פון דער געזעלשאַפט, — שטיצט זי זיך דערביי אויף צוויי אָביעקטיווע ערשיינונגען: פון איין זייט ברייננגט די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג דערצו, אַז דער פּראָלעטאַריאַט מוז מיט דער צייט בילדען די מערהייט פון דער געזעלשאַפט, דעם גרעסטען טייל פון דער מענשהייט, און דאָס גיבט איהם דאָס רעכט און דאַרום אויך דעם מוטה שוין י ע צ ט צו רעדען אין נאָמען פון דיזער קינפטיגער מערהייט, דאָס גיבט איהם די מעגליכקייט שוין יעצט אַרויסצוטרעטען פאַר די אינטערעסען פון די ברייטע מאַסען, וועלכע וועלען ניט היינט איז מאָרגען צוזאַמען מיט איהם קריכען אין די קוילען־גרובען, שטעהען ביים לאָקאָמאָטיוו, קלאַפּען מיט'ן האַמער אָדער דרעהען די מאַשין, און דאַרום זיך געפינען אין זיינע רייהען און קעמפען פיר זיינע אידעאַלען. פון דער אַנדערער זייט ליגט אָבער די סאָציאַליסטישע מאַכט פון'ם פּראָלעטאַריאַט ניט בלויז אין זיין גרויסען צאָהל. די ערבות אין זיין ענדליכען נצחון, דער יסוד פון זיינע האָפנונגען ליגט שוין אין דעם, וואָס ער שטיצט זיך אויף די אַלץ וואַקסענדע קאָנצענטרירונג פון אַרבייט און קאַפּיטאַל, אויף דער ענטוויקלונג פון דער אַלץ בעזיגענדער מאַשין.

לאָמיר זיך אַ ביסעל אויספירליכער אָבשטעלען אויף דיזע ביידע ערשיינונגען.

ס'איז ניט גענוג, אַז די גרויסע מאַסען זאָלען פערלירען זייער אייגענטום, זייערע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, און געצוואונגען ווערען זיך צו פערקויפען פאַר קנעכט פאַר'ן פיזישען קיום, כדי ביי דיזע מיליאָנען און איבער־מיליאָנען ליידענדע און זיפצענדע אונטער דעם יאָך פון אָרימקייט און דחקות זאָלען געבוירען ווערען ר ע ע ל ע אידעאַלען פון אַ בעסערעם לעבען, פון אַ העכערער עקסיסטענץ. די גרויסע מערהייט פון זיפצענדע שאַפט נאָך ניט די נויטווענדיגע פּראָדוקציאָנס־פאַרבעדינגונגען צום סאָציאַליזם, אָבוואָל די שמערצען פון דיזער מערהייט קענען אַרויסרופען אַ ברענענדע שנאה צו דער עקסיסטירענדער אָרדנונג, אַ ליידענשאַפטליכע בענקשאַפט צו אַ נייעם לעבען, אַ שטענדיגעם פאַנטאַזירען וועגען אַ נייע וועלט מיט אַנדערע מענשען, מיט נייע סדרים... זייער גרויסע צאָהל שאַפט פאַר די פּראָלעטאַריער די מעגליכקייט, גיבט זיי דאָס רעכט אַרויסצוטרעטען אין נאָמען פון די אינטערעסען פון דער

מערהייט, די אינטערעסען זעלבסט קענען זיי אָבער נאָך ניט אויפֿפאַסען אַלס סאָציאַליסטישע; די צאָהל גיבט זיי, אַזוי צו זאָגען, די פֿיזישע גאַראַנטיע צו זיגען אין קאַמפּף מיט די עקספּלואַטאַטאָרען פֿון פֿערשידענסטער אַרט, וועלכע עקסיסטירען אויך אין אַ טעכניש-אָבגעשטאַנענער געזעלשאַפֿט — דער קאַמפּף זעלבסט קען אָבער זיין ניט קיין קאַמפּף פֿאַר'ן קאָלעקטיוויזם, אַלענפֿאַלס ניט פֿאַר'ן קאָלעקטיוויזם אין מאָדערנעם זין פֿון דיזען וואָרט. אין דער אַלטער וועלט, צום ביישפּיל, זענען געווען גרויסע מענגען פּראָלעטאַריער, ד. ה. מענשען, וועלכע האָבען פֿערלאָרען זייערע פּראָדוקציאָנס-מיטלען און זענען געווען בעצוואונגען צו פֿערקויפֿען זייערע אַרבייטס-קראַפֿט. דאָך האָט דאַן ניט געקענט זיין די רעדע וועגען פּראָלעטאַרישע אידעאַלען, ווי מיר פֿערשטעהען זיי יעצט. ביי יענעם צושטאַנד פֿון דער פּראָדוקציאָן האָט ניט געקאָנט געבוירען ווערען דער אידעאַל פֿון אַ קאָלעקטיווע ווירטשאַפֿט-סיסטעם; ביי דער הערשונג פֿון שקלאַפֿען-אַרבייט אין אַלע ווירטשאַפֿטס-צווייגען פֿון די אַלטע דעמאָקראַטישע מלוכות, וועלכע האָבען געשפּייזט גרויסע מאַסען פֿון פֿרייע אַרבייטס-לאָזע בירגער אויפֿ'ן חשבון פֿון שטאָדט און מלוכה — האָט געקאָנט נאָר בעשאַפֿען ווערען אַ אידעאַל פֿון זיין געגליכען צו „ליליען און פויגלען, וואָס וועבען ניט און שפּינען ניט, זייען ניט און שניידעי ניט, און זענען זאַט“...

כמעט די אייגענע אידעאַלען, געענדערט אויף אַזוי פֿיעל, אויף וויפֿיעל די סאָציאַל-פּאָליטישע לאַגע איז פֿערשידען, טראָגט אין זיין אויסגעהונגערטעם האַרץ שלום-עליכם'ס העלד אין'ם טאַלאַנטפֿאָלען עסקיז „אַ גרינגער תענית“.

חיים חייקין — אַ אָרימאַן אַ איד, אַ איבעריגער ניט בלויז אין דער ברייטער שענער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, נאָר אויך אין זיין נאַסען ווינקעל אין קעלער, פֿאַסט אונטער צוויי דריי טעג אין וואָך, אום די יונגע קינדער, וואָס געהען אויף דער פֿאַבריק, זאָלען כח האָבען צו אַרבייטען. ניט די שטאָדט, ניט די מלוכה שפּייזט היינט ניט קיין הונגעריגע, און אין זיינע שרעקליכע פֿיזישע ליידען לאָזט זיך חיים חייקין אַריין אין אַזעלכע „סאָציאַליסטישע“ חקירות: „וואָס וואָלט זיין, למשל, ווען אַ מענש זאָל ניט בעדאַרפֿען עסען? אַי, אַי, אַי! מיינע קינדער וואָלטען דעמאָלט זיין אַלע אין דער היים! *אויס האָרעווען! אויס שוויצען!* אויס שטרייקען! אויס פֿאַבריקען! אויס פֿאַבריקאַנטען! אויס נגיד! אויס קבצן! אויס קנאה! אויס שנאה! אויס שלאָגען זיך! אויס בלוט פֿערגיסען! אַ גן-עדן! אַ גן-עדן!“ דיזער פּראָלעטאַריער אָהן אַרבייט טרעט אַרויס געגען דער גאַנצער יעצטיגער אָרדנונג, געגען די פֿאַבריקען מיט די פֿאַבריקאַנטען, געגען דעם אונמענשליכען שוויצען און הונגערען, געגען די אונמענשליכע עקספּלואַטאַציאָן און די טייכען בלוט, וואָס ווערען דורך יאָהר פֿערגאָסען. דער אָרימער פּראָלעטאַריער פֿון דער אַלטער וועלט חלומט וועגען אַ גערעכטער אָרדנונג פֿון גלייכהייט און ברידערליכקייט אין אַ פֿאָרם פֿון קאָלעקטיווען *געברויך* אָהן יעדער אַרבייט; דער יעצטיגער אידישער לומפּען-פּראָלעטאַריער חלומט וועגען אַ גן-עדן, וואו מען דאַרף

ניט בּלויז ניט אַרבּייטען, נאָר אויך ניט געבּרויכען. דער פֿאָטער פֿון דיזע בּיידע „סאָציאַליסטישע" פֿאַנטאַזיעס איז איינער און דער זעלבּער; זיין נאָמען איז — הונגער! איין מוטער האָט זיי אויסגעוועהטיגט — דאָס איז די פֿילעס צושטערענדע, אָבּער אויך זעהר פֿילעס שאַפֿענדע נויט! אַזעלכע חלומות קענען נאָר געבּוירען ווערען אין אַ אַטמאָספֿער פֿון שרעקליכע אָרימקייט און דחקות; אַזעלכע „סאָציאַליסטישע" געדאַנקען קענען נאָר געבּוירען ווערען אין די מוחות פֿון הונגעריגע פּראָלעטאַריער, וואָס האָבּען געפּרובּט לעבּען אויפֿ'ן חשבּון פֿון קהל, אין די קעפּ פֿון קליינע פּראָדוצירער, וואָס ווערען אָפֿט עקספּלואַטירט פֿון די הערשענדע קלאַסען ניט ווייניגער, און צייטען־ווייז פֿיל אכזריות'דיגער, אַלס די דירעקט־עקספּלואַטירטע; אַזעלכע קראַנקע פֿאַנטאַזיעס קענען נאָר געבּוירען ווערען אין די הערצער פֿון אידישע פֿאַסטענדע לומפּען־פּראָלעטאַריער. מעגען די ערשטע, ווי די לעצטע זיין ניין־און ניינציג פּראָצענט פֿון דער געזעלשאַפֿט, וועלען זיי דאָך ניט קענען רעאַליזירען דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, פֿאַר וואָס זשע קענען ניט דיזע הונגעריגע פּראָלעטאַריער שאַפֿען עטוואָס, אַרויסשטעלען רעאַלע פֿאָדערונגען? די אורזאַכע איז אַ גאַנץ איינפֿאַכע: ווייל אין דער סאָציאַלער מאַטעריע פֿון דער אַלטער וועלט איז ניט געווען קיין קאָלעקטיוויסטישע ווירטשאַפֿטס־פֿאָרמען, ווייל די סאָציאַלע און פּאָליטישע סבּיבה, אין וועלכער חיים חייקין לעבּט, איז שוואַך און אונבּעדייטענד, אָרים און קליינוועררטיג.

די ענגלישע אַרבּייטס־לאָזיגע אָדער לומפּען־פּראָלעטאַריער שטעלען אַרויס רעאַלע פֿאָדערונגען — אַ 8־שעה־דיגען אַרבּייטס־טאָג פֿאַר אַלע אַרבּייטענדע, אום די צאָהל אַרבּייטער זאָל זיך פֿערגרעסער'ן, קאָלאָניזאַציאָן אויפֿ'ן חשבּון פֿון מלוכה א. ז. וו. די בּעוועגונג פֿון די אַרבּייטס־לאָזיגע אין לאָנדאָן ווערט געפֿיהרט אונטער דער ווירקונג פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

דיזע ערשיינונג איז נאַטירליך, ווייל בּיי אַ געוויסע שטופּע פֿון טעכנישער ענטוויקלונג, ווען די קאָלעקטיוויסטישע פֿאָרמען פֿון דער גאַנצער ווירטשאַפֿטס־סיסטעם ווערען שוין פֿיהלבּאַר, מוזען די אַלע קלאַסען, וואָס זענען אַפֿילו ניט פֿערנומען אין גרויס־פּראָדוקציאָן און ליידען אָבּער פֿון די יעצטיגע פֿערהעלטניסען, צושטעהען צו דעם קלאַס, וואָס איז דער טרעגער פֿון דער קינפֿטיגער גליקליכער וועלט.

ווער קען אָבּער זיין דער טרעגער זעלבּסט, דער שאַפֿער פֿונ'ם סאָציאַליסטישען אידעאַל? נאָר דער אַרבּייטער, וואָס אָטעמט זעלבּסט מיט דער קאָלעקטיוויזירענדער מאַשין, נאָר דער אַרבּייטער, וועלכער צוזאַמען מיט טויזענדער אַרבּייטער־בּרידער פֿערבּריינגט אַ דריטעל צייט פֿון זיין לעבּען אין דער סאָציאַליזירענדער גרויס־פֿאַבּריק, נאָר ער האָט געקאָנט ווערען דער שעפֿער פֿונ'ם מאָדערנעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, ווייל שאַפֿען הייסט, אייגענטליך, קאָמבּינירען דאָס, וואָס איז שוין דאָ אין דער אַרומיגער מאַטעריאַלער סבּיבה; נאָר ער קען זיין דער אומשטירצער פֿון דער גאַנצער אַלטער וועלט,

וועלכע דריקט און שטיקט מיליאָנען און איבער=מיליאָנען, ווייל די אַלוועלטליכע ווירטשאַפֿט איז אין זיינע הענד, ווייל די שליסלען פֿון דער נייער וועלט זענען געהאָרכזאַם נאָר זיינע צוויבער=פֿינגער. מיט איין וואָרט: פֿון דער קוואַליטעט פֿון פּראָלעטאַריאַט, פֿון דעם, וואָס פֿאַר אַ פּראָלעטאַריאַט ער שטעלט מיט זיך פֿאָר — אַ פֿאַבריק אָדער מאַנופֿאַקטור=און האַנדווערקער=פּראָלעטאַריאַט, איז אַבסאָליוט אָבהענגיג די רעאַליזירונג פֿונ'ם סאָציאַליסטישען אידעאַל, נאָר דער אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז קאָנצענטרירט אין די גרויסע פֿאַבריקען, אַרבייט ביי די מאַשינען, פּראָדוצירט קאָלעקטיוו, פֿיהלט און דענקט קאָלעקטיוו, שטרעבט און קעמפֿט קאָלעקטיוו — נאָר דיזער פּראָלעטאַריאַט דורך די טעכניש=קאָלעקטיווע פּראָדוקציאָנס=פֿאָרמען געטריבען צום סאָציאַליסטישען אידעאַל, נאָר ער האָט די קראַפֿט צו סאָציאַליזירען די פּראָדוקציאָנס=מיטלען.

ווי מיר זעהען, מוז צו דער קוואַנטאַטיווער (צאָהליגער) קראַפֿט פֿון פּראָלעטאַריאַט צוקומען אַ געוויסע קוואַליטאַטיווע (качеств.). אָהן וועלכע די ערשטע וואָלט געווען אין גאַנצען אונפּרובּטבּאַר, ד. ה. ס'מוז זיין אַ געוויסע שטופֿע אינדוסטריאַליזירונג, כּדי דער פּראָלעטאַריאַט זאָל קענען פֿון זיך בּילדען אַ סאָציאַליסטישע אַרמעע, אַ היסטאָרישע מאַכט, אַ רעאַלע קראַפֿט.

און דיזע צוויי האַנד=ביי האַנד=געהענדע פּראָצעסען, די פּראָלעטאַריזירונג און די אינדוסטריאַליזירונג, ענטוויקלען זיך אין דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג מיט אַ אונגעהויערער גיכקייט. אונזערע ציפֿערן וועלען לייכט בעווייזען אַלעם, וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען די אויבענדערמאָנטע צוויי אָביעקטיווע ערשיינונגען, זיי וועלען אויך אילוסטרירען די וואַקסענדע מאַכט פֿונ'ם מאַשין=אַרבייטער.

אויפֿ'ן צאָהליגען וואוקס פֿון פּראָלעטאַריאַט ווייזט אונז בעזונדערס די אונגעהויערע שנעלקייט, מיט וועלכע עס וואַקסען די גרויסע שטעדט, וואו עס קאָנצענטרירען זיך מערסטענטיילס די גרויס=פֿאַבריק=אַרבייטער.

מיר וועלען בּריינגען די ציפֿערן וועגען וואוקס פֿון די אייראָפּייאישע שטעדט, וואו עס געפֿינט זיך מעהר אַלס 100,000 איינוואָהנער נאָר פֿאַר די לעצטע 50 יאָהר. אין 1850=טען יאָהר זענען אַזעלכע שטעדט געווען סך=הכּל אין גאַנץ אייראָפּאַ נאָר 42 מיט 9,000,000 איינוואָהנער; אין 1895 יאָהר האָט די צאָהל פֿון אַזעלכע שטעדט געגרייכט בּיז 120, כּמעט 3 מאָל מעהר, און מיט 37 מיליאָן איינוואָהנער, פֿערגרעסערט מעהר אַלס 4 מאָל. אין אַמעריקע איז געווען אין 1800=טען יאָהר שטאָדטישע איינוואָהנער סך=הכּל 210873 און אין 1890 יאהר מעהר אַלס 18 מיליאָן*). די גאַנצע אַמעריקאַנישע בעפֿעלקערונג האָט זיך פֿאַר די 90 יאהר פֿערגרעסערט נאָר אין 12 מאָל. דיזער פּראָצעס אַליין ווייזט אונז, אַז גרויסע פֿאָלקס=מאַסען ווערען אַרויסגעשטופּט פֿון דאָרף, וואו זיי האָבען זיך מערסטענטיילס פֿערנומען מיט בעאַרבּייטען אַ

*) Верберъ Ростъ городовъ въ XIX вѣкѣ.

איינען שטיקעל ערד און ווערען ארייננעוואָרפען אין די גרויסע היגאַנטישע שטעדט, וואו זיי זענען גענויטיגט צו פערקויפען זייער ארבייטס-קראַפט. די פראַקט אליין חייזט אונז אָבער נאָך ניט אויף דער קראַפט פון פּראָלעטאַריאַט. מיר ווייסען נאָך ניט, וואָס פאַר א אַנטייל ער נעמט אין דער פּראָדוקציאָן, וויפיעל ער בענוצט די מאַשין, וועלכע פיהרט צו דער קאָנצענטרירונג אין די גרויסע פאַבריקען, אין דיזע צעלען פון דער קינפטיגער קאָלעקטיוויסטישער ווירטשאַפטס-סיסטעם. מיר רעכענען, אז ס'איז גענוג נאָר צו בריינגען דאָ די ציפערען, וואָס ווייזען, ווי גרויס איז יעצט די צאָהל פון די מאַשינען, וואָס ארבייטען אויפ'ן גאַנצען ערד-קוגעל, אום צו בעקומען א פאָר-שטעלונג פון דער אונגעהויערער מאַכט פון מאַשין-ארבייטער, אום צו פערשטעהען, ווי שנעל און וואונדערהאַפט די מאַשין שמידט דעם קאָלעקטיווען גייסט פון די מיליאָנען פאַבריק-ארבייטער. דעם וואוקס פון די מאַשינען וועלען מיר אויסדריקען אין מענשליכע ארבייטס-קראַפט, דורך וועלכע מ'וואָלט בעדאַרפט בעשאַפען די אַלע פּראָדוקטען, וואָס ווערען יעצט בעשאַפען דורך דער מאַשין. צו-ריק מיט 66 יאָהר, אין 1840-טען יאהר וואָלט מען בעדאַרפט אָנשטאָט די מאַשינען ארבייטס-קראַפט פון — — 39,600,000 מענשען

" 1888 . . . — — 1,203,600,000 .

" 1900 . . . — — 1,500,000,000 .

מעהר פון דער גאַנצער געגענווערטיגער מענשהייט.

דיזע אונגעהויערע ציפער'ן ווייזען ווי שטאַרק די גאַנצע יעצטיגע געזעל-שאַפט, אין איהר עקסיסטענץ, איז אָבהענגיג פון דער מאַשין-אינדוסטריע. זיי ווייזען, אז דער גאַנצער קיום פון דער געזעלשאַפט איז פאָלשטענדיג אין די הענד פון די, וועלכע בעהערשען דיזע צויבער-מאַכט, בעהערשען אָבוואָל ניט אין יורידישען זין, דערפאַר אָבער אין טעכניש-מאַטעריעלען זין.

II.

„מיר ליידען ניט בלויז פון דער ענטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-סיסטעם, נאָר אויך פון דער ניטגענוגענדע ענטוויקלונג פון דער לעצטער אין די קאַפּיטאַליסטיש-אָבגעשטאַנענע לענדער". אַזוי האָט זיך אויסגע-דריקט מאַרקס וועגען דייטשלאַנד, און אין דיזע ווערטער וועלען מיר זוכען דעם שליסעל צום פערשטעהן די ספּעציפישע לאַגע פון אידישען פּראָלעטאַר-יאַט. ספּעציפיש איז זיין לאַגע אין צוויי הינזיכטען:

ערשטענס איז ער קוואַנטיטאַטיוו (צאָהליג) שוואַך, ווייל די ברייטע אידישע מאַסען, אָבוואָל זיי ווערען אין א גאַנץ גרויסער מאָס ארויסגעשטופּט פונ'ם האַנדעל און האַנדווערקעריי, ווערען דאָך זעהר אין א קלייגער מאָס אַריינגעצויגען אין די רייהען פון פּראָלעטאַריאַט. צווייטענס, איז דער אידישער פּראָלעטאַריאַט זעלבסט ניט קאָנצענטרירט אין די גרויסע פאַבריקען, וואו ער זאָל בילדען א זעלבסט-שטענדיגע פּאָליטישע מאַכט, אלס א גרויסע אָרגאַניזירטע מאַסע. די ערשטען

ערשיינונג בריינגט דערצו, אז בלייבענדיג א מינדערהייט פון דער נאציאנאלער גרופע, צו וועלכע ער געהערט, קען דער אידישער פראלעטאריאט ניט ווערען די גרעסטע פאליטישע מאכט אין דער גאנצער נאציאן. נאך מעהר, די פאטענציעלע פראלעטארישע מאסען עמיגרירען אין זעהר א גרויסע מאס. און דיזע עמיגראציע ווירקט אויף די סאציאלע און פאליטישע טעטיגקייט פונ'ם בלייבענדען אידישען פראלעטאריאט.

אין די נייע לענדער, וואוהין די אידישע מאסען עמיגרירען, שטויסען זיך די לעצטע אן אויף א הויכע ארגאניזירטע ארבייטס-קראפט, און אנשטאט צו פארטזעצען דעם אנגעהויבענעם פראצעס פון אריבערגעהן אין די העכערע פראדוקציאנס-פארמען, זענען זיי געצוואונגען צו שאפען הויז-פאבריקאציאן נעבען דער עקסיסטירענדער טעכניש-פראגרעסיווער פאבריק-פראדוקציאן. דיזע פראדוקציאן האט, פערשטעהט זיך, קיין צוקונפט ניט, זאגאר איהר צייטליכע עקסיסטענץ ווערט געקויפט מיט אזעלכע בלוט-קרבנות, אז ביי דער ערשטער מאטעריעלער מעגליכקייט ווערט די עמיגראציאן ווייטער פארטגעזעצט.

דאס איז בעזאנדערס ריכטיג ביחוס צו לאנדאן, פאריז, בערלין, וואו ס'געפינט זיך יעצט ביז 200000 עמיגראנטען, וועלכע זענען פערנומען אין דיזע פון ס'ניי-געשאפענע הויז-פראדוקציאן. פון דער אנדער זייט פערנעמט דער אידישער ארבייטער קיין ארט ניט אין די פראדוקציאנס-צווייגען, אויף וועלכע עס שטיצט זיך די גאנצע מאטעריעלע עקסיסטענץ פון דער היינטיגער געזעלשאפט, ווי די פראדוקציאנס-צווייגען, וועלכע דינען צום שאפען פון פראדוקציאנס-מיטלען, און דיזע לעצטע זענען דאך אם גרעסטען קאנצענטרירט און דארום אם שטארקסטען ארגאניזירט. ער איז אין גאנצען אבגעשטופט פון די פראדוקציאנס-צווייגען, וואס שאפען דעם נערוו פון פאליטישען לעבען פון דעם מאדערנעם שטאאט, בעהערשען דארום די גרעסטע פאליטישע מאכט אין יעדען לאנד,—דיזעס אלעס בעגרענצט זיין קלאסען-קאמפף אין עקאנאמישען, פאליטישען און נאציאנאלען זין ביחוס צו דער געגענווארט, מאכט איהם אונפרוכטבאר ביחוס צו דער צוקונפט. דער ארבייטער פון דער קליינער פאבריק קען קיינמאל זיך ניט דערשלאגען צו די עקאנאמישע פערבעסערונגען, וואס זענען מעגליך נאך אויך אין דער קאפיטאליסטישער ארדנונג אין די פאבריקען, ווי שטארק עס זאל ניט זיין ענטוויקעלט זיין קלאסען-בעוואוסטזיין. און דאס לעצטע ענטוויקעלט זיך טאקי אזוי אינטענסיוו, אדאנק דער אונערטרעגליכער עקספלואטאציאן, וואס מוז הערשען אין דער קליינער פאבריק.

דער ווערקשטאט מוז קאמפענסירען (замѣнять, вознаграждать) זיין טעכנישע אבגעשטאנענהייט מיט מענשענס-בלוט און שוויס, אין פאליטישען זין מוז דער פראלעטאריאט פון דער קליין-פראדוקציאן אבגעשטויסען ווערען אויף דער לעצטער מדרגה, ווייל דער פראלעטארישער קלאסען-קאמפף איז געבויט ניט בלויז אויף רעוואלוציאנערען ענטוזיאזם, נאר אויך, און אפשר נאר איבערהויפט, אויף דער מאטעריעל-טעכנישער מאכט, איבער וועלכע ער

הערשט אַדאַנק דער גרויסער מאַשין=פראָדוקציאָן. נאָך מינדערער איז זיין ווערט אין היסטאָריש=נאַציאָנאַלען זין, ווייל ניט זייענדיג קאָנצענטרירט ניט אין רוימליכֿען, ניט אין טעכֿנישען זין, מוז דער אידישער פראָלעטאַריאַט אין׳ם פראָגרעסיווען גאַנג צום קינפֿטיגען שטאַאַט איינגעשלונגען ווערען פֿון די גרעסערע אָרגאַניזירטע נאַציאָנאַלע אַרבּייטער=קערפּער,— דאָס איז אין בּעסטען פֿאַל, אין ערגסטען פֿאַל וועט ער מוזען אריינגעשטויסען ווערען אין די נידפֿאַל, אין ערגסטען פֿאַל וועט ער מוזען אריינגעשטויסען ווערען אין די נידפֿאַל... ריגסטע אַרבּייטער=שיכֿטען, דעגראַדירען בּיז דער שטופֿע פֿון לומפּען=פּראָלעטאַריער און זיך ענטאַרטען ניט בּלויז אַלס אַ נאַציאָנאַלע גרופּע, נאָר אויך אַלס פֿיזישע אינדיווידואומען...

אַלע סימפּטאָמען פֿון דיזער אוננאָרמאַלער לאַגע פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט טרעטען אַרויס אין רעוואָלוציאָנערע פעריאָדען אין אַ שאַרפערע פֿאָרם, אין געוועהנליכֿע צייטען — אין אַ ווייכֿערער פֿאָרם; עס מוזען פֿאָרקומען קאָנפֿליקטען צווישען דער אָנגעקליבּענער סאָציאַלער און פּאָליטישער ענערגיע פֿון דער אידישער גאַס פֿון איין זייט, און די גרענצען, אין וועלכֿע די לעצטע קען אויסערן איהר סאָציאַלען און פּאָליטישען קאַמפּף, פֿון דער אַנדערער זייט. די סאָציאַלע ענערגיע פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט וואַקסט אויפֿ׳ן חשבּון פֿון דער שנעלער אינדוסטריעלער ענטוויקלונג, וואָס קומט פֿאָר אַרום איהם; זיין פּאָליטישער ענטוזיאַזם, געשפּייזט פֿון דעם שטיקענדען לופֿט פֿון דעם קליינעם ווערקשטאַט, ווערט פֿערשטאַרקט און פֿערטיפֿט דורך די אונאויסדריקבּאַרע ליידען פֿון די אויסגעהונגערטע און אויסגעמוטשעטע, געיאָגטע און געפּלאָגטע אידישע אָרימע מאַסען. דער קאַמפּף אָבער—מיט דעם עקאָנאָמישען, ווי מיט דעם פּאָליטישען דרוק,—מוז דאָך פֿאָרט קאָנקרעט געפֿיהרט ווערען אין די ענגע און די פֿינסטערע, נידריגע און אָרימע פֿאַבּריקלאַך, אין די שמאָלע און פֿערוואָרפֿענע, בּלאָטיגע און אָרימע געסלאַך. דער קאַמפּף פֿערבּרויכֿט ניט די גאַנצע ענערגיע, פֿערווענדט ניט אַלע כּחות, רייצט מיט זיין בּעגרענצטקייט, טרייבּט פֿון דיזער אומגליקליכֿער, שרעקליכֿער אידען=גאַס, יאָגט פֿון דאָרט, פֿון דיזען פֿינסטערען קבר—און אַלעם לעבּעדיגעם רייסט זיך רייסט זיך אום צו געפֿינען אַ נייע וועלט, אַ בּרייטערע, אַ רייכֿערע...

די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט איז אָבער פֿול מיט קאַטאַסטראָפֿען, זי קאָן זיך ניט ענטוויקלען לאַנגזאַם, טריט נאָך אַ טריט. זי געהט איהר וועג וואולקאַניש, צושטערענדיג אויפֿ׳ן וועג אונבּרחמנות׳דיג אַלעס, וואָס האָט אָבּגעלעבּט אָדער צאַנקט נאָך. די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג ווערט בּעגלייט פֿון שאַרפֿע קריזיסען, ווען טויזענדער פֿון קלענערע און מיטלע פֿאַבּריקען און ווערקשטאַטען ווערען געשלאָסען, צעהענדליגע טויזענדער אַרבּייטער און זעלבּסטשטענדיגע בּעלי=מלאכות ווערען אַרויסגעוואָרפֿען אויפֿ׳ן מאַרק פֿון אַרבּייטסקראַפֿט—און דער קאַמפּף פֿאַר אַרבּייט ווערט אַ קאַמפּף ניט אויף לעבּען, נאָר אויף טוידט. אין דיזען שרעקליכֿען קאַמפּף פֿאַר׳ן קיום מוזען טויזענדער און איבּער=טויזענדער זיך ווענדען צום וואַנדער=שטאָק, כּדי זוכֿען לענדער, וואו עס

גיִבּט נאָך אַ וועלכעס ס'איִז פֿרייעס אָרט איִן דער געזעלשאַפֿט, זוּכן לענדער, אוּם צוּ געפֿיִנען בּיי דער פֿרייער נאַטוּר, וואָס מענשען האָבּען בּיי זיי גערויבּט. אוּן ווען דיִזע קריִזיִסען טרעפֿען איִן אַ לאַנד, וואוּ עס גיִבּט איִדישע פּראָלעטאַריער, פֿערשטעהט זיִך זעלבּסט, אַז דיִזע, אַלס מאַנוּפֿאַקטוּר=אוּן האַנדווערקער=פּראָלעטאַריער, מוּזען אַרויסגעשטויסען ווערען פֿוּן דיִ אָבּשטאַרבּענדע אוּנטערנעמוּנגען, זיִי מוּזען זיִך די ערשטע ווענדען צוּם נאַציאָנאַלען וואַנדערשטאָק אוּן זוּכן לענדער, וואוּ דיִ אַרבּייט גיִבּט נאָך דיִ מעגליִכקייט צוּ הוּנגערען דריי טעג איִן וואָך....

אוּן איִן אַזעלכע היִסטאָריִשע מאָמענטען, וואָס ווערען גאַנץ אָפֿט איִבּערגעחזרט איִן דער מאָדערנער געזעלשאַפֿט, טרעט אַם שאַרפֿסטען אַרויס די אבּהענגיִגקייט פֿוּן פּראָלעטאַריאַט פֿוּן דער לאַגע פֿוּן גאַנצען נאַציאָנאַלען אָרגאַניִזם, צוּ וועלכען ער געהערט.

בּיים איִדיִשען פּראָלעטאַריאַט פֿיִהלט עס זיִך אַם שטאַרקסטען, ווייל דאָס איִדיִשע פֿאָלק בּיִלדעט יעצט ניִט קיין פּאָליִטיִשע מאַכט, איִז פֿאָלשטענדיִג דעזאָרגאַניִזיִרט, היִלפֿסלאָז, אָבּהענגיִג איִן גאַנצען פֿוּן אויסערע קרעפֿטען. דאָס איִדיִשע פֿאָלק איִן זיין יעצטיגע לאַגע האָט ניִט קיינע עקאָנאָמיִשע אָדער פּאָליִטיִשע מיִטלען, אוּם זעלבּסטשטענדיִג צוּ בּעקעמפֿען דיִזען אָדער יענעם געזעץ געגען זיינע וואַנדערענדע מאַסען. דער אַנטייל, וואָס דער איִדיִשער פּראָלעטאַריאַט נעמט איִן דער עמיִגראַציאָן, צייִכענט=אָן פֿאַר איִהם נייע וועגען, וועלכע, פֿיִהרענדיִג איִהם צוּ אַ סאָציִאַליִסטיִשע געזעלשאַפֿט, שאַפֿען זיִי איִהם אוּנטערוועגס דיִ סאָציאַל=פּאָליִטיִשע געזיִכט, וועלכע פֿעהלט איִהם יעצט, אַלס אַ צווייִטע מיִנדערהייט צוויִשען קאָנצענטריִרטע אַרבּייטער=גרוּפּען.

דיִזער אַנטייל איִן דער עמיִגראַציע פֿערבּיִנדט דעם פּראָלעטאַריאַט מיִט דיִ איִבּריִגע ליידענדע פֿאָלקס=מאַסען, אוּנטערשטרייכענדיִג דאַמיִט דיִ אַלגעמיינהייט פֿוּן היִסטאָריִשען שיִקזאַל פֿוּן דיִזע בּייִדע טייִלען פֿוּן פֿאָלק, אוּן אויף אַזאַ אופן שפּיִלט דיִ עמיִגראַציע אַ נאַציאָנאַליִזיִרענדע ראָל איִן בּעסטען זיִנען פֿוּן וואָרט. זיִ טרייבּט איִהם אָבּער נאָך צוּ פֿערטיידיִגען זיינע בּלוּטיִגע איִנטערעסען איִן דער ריִכטוּנג פֿוּנ'ם עמיִגראַציאָנס=שטראָם, אוּן דאָ שאַפֿט זיִ איִהם אַ נייעם אָרט צוּ אויסערן זיין קלאַסען=ענערגיע, דאָ עפֿענט זיִ פֿאַר איִהם נייע האָריִזאָנטען פֿאַר זיין שעפֿעריִשע פּראָלעטאַריִשע טעטיִגקייט, שטוּפּט איִהם מיִט היִסטאָריִשע נויטווענדיִגקייט אויף אַזאַ נייע סאָציִאַלע אַרבּייט, וועלכע קאָן האָבּען דיִ רייכסטע וויִרקוּנג אויף דעם אַלוועלטליִכען פּראָלעטאַריאַט.

## III.

פלעחאַנאָוו דריִקט זיִך אויס איִן איִינעם פֿוּן זיינע טאַגע=בּיִכער, אַז דיִ מאָדערנע סאָציִאַליִסטיִשע טעאָריע איִז מעהר ניִט ווי אַ אַלגעבּראַ פֿוּן דער רעוואָלוציע. מיִר מוּזען אָבּער קענען — זאָגט ער — פֿערבּייטען דיִ אַבּסטראַקטע

אלגעבראישע סימנים מיט בעשטימטע אריטמעטישע גרויסען (величины), און דערום מוז מען ביים אויספארשען פון דער אדער יענער סאציאלער ערשיינונג תמיד נעמען אין אכט אלע איינענארטיגע בעדינגונגען, ביי וועלכע זי קומט פאר. נאר ביי אזא מין נוצען זיך מיט די אבסטראקטע פארמולען וועלען זיי בעהאלטען דעם געזונדען, לעבעדיגען און דיאלעקטישען חאראקטער און ניט פערוואנדעלט ווערען אין טויטע מעטאפיזישע דאגמען...

נאר פאר די הויז=סאציאלאגען פון „בונד“ איז גענוג צו קאנסטאטירען פאלגענדע אלגעמיינע צוויי פאקטען: 1) רוסלאנד לעבט איבער די אייגענע ענטוויקלונגס=פאזען, וואס גאנץ אייראפא, ד. ה. ברייטע מאסען פראלעטארי=זירען זיך, די מאשין=אינדוסטריע ווערט אלץ מעהר און מעהר די הערשענדע אין לאנד, און 2) די אידען לעבען אין רוסלאנד, כדי ארויסצופיהרען „לאגיש“, אז די אידישע מאסען פראלעטאריזירען זיך און פערנעמען א ארט אין דער מאשין=אינדוסטריע. נאך וואס אויספארשען די קאנקרעטע לאגע פון די אידישע מאסען בכלל און פון אידישען ארבייטער בפרט? פערגלייכען די פראלעטא=ריזירונגס=און אינדוסטריאליזירונגס=שטופע ביי די אידען און ביי די ארומיגע פעלקער?... צו וואס די מיה?... די מעטאפיזישע „דאגמע“ קאן שוין אליין רעטען... און ווען די בעאונרוהיגענדע אידיש=פראלעטארישע פראקטיק שטערט פארט די גוטע שטימונג פון „בונד“, ווען די צו פיל שמערצען=און ליידען=פערשאפענדע אידישע גאס רייסט זיך פארט אריין אין די אייגענאר=טיגע רעוואלוציאנערע קאנצעלאריעס פון „בונד“—רעכענט מען אין טיפער נאאיווהייט, אז ס'איז גענוג צו רעקאמענדירען איינעם פון די פראפעסיאנעלע ציוניזם, אדער בעסער, ציוניסטען=פרעסער צו „צוקלאפען“ די „קליינבירגערליכע טעאריע“, אום דאס לעבען זאל זיך בערוהיגען, מען גלויבט אין טיפער נאאיווהייט, אז ס'איז גענוג צו אנבייזערען זיך אויף דיזער „בייז=ווילינגער“ פראקטיק, אום אלעם זאל ווייטער געהן מיט מזל און גליק. ניין!

דאס פראגרעסירענדע לעבען טויטעט אלעם אבגעלעבטעס אויף זיין וועג צו דער ליכטיגער צוקונפט, אפילו... ווען מען האט אטעסטאטען אויף היסטארישע פערדינסטען...

אום צו פערשטעהן די אמתע לאגע פון אידישען פראלעטאריאט, מוז מען קאנקרעט און דעטאל אויספארשען זיין טאג=טעגליכעס לעבען, די עוואלוציע, וואס ער האט דורכגעמאכט,—ווי שטארק איז זיין אריינדרינגען אין דער מאשין=אינדוסטריע; מען מוז פערגלייכען זיין לאגע מיט דער לאגע פון פראלעטא=ריאט אין גאנצען לאנד. דאן וועלען מיר זעהען, ווי שטארק ער איז אבגע=שטאנען, ווי שוואך עס זענען זיינע שאנסען צו פערחאפען א ארט אין דער אינדוסטריע אין די צענטראלע גובערניעס, אפילו ווען פאליטישע פרייהייט וועט שוין הערשען אין לאנד, ווי קליין זענען די האפנונגען, אז אפילו אין דער טשערטא זאל דער אידישער פראלעטאריאט ווערען אווירטשאפטליכע און סאציאלע מאכט.

* * *

אום צו בעקומען חאטש א וואסער ניט איז פארשטעלונג וועגען די טיפע אומענדערונגען, וועלכע האבען געמוזט פארקומען אין אידישען לעבען אין רוסלאנד פאר די לעצטע פערציג יאהר, ווען דער קאפיטאליזם האט ארויפגעלעגט זיין שטעמפעל אויף אלע זייטען פון לעבען, מוזען מיר זיך אבשטעלען אויף דער עקאנאמישער עוואלוציע, וועלכע דאס גאנצע לאנד האט דורכגעמאכט פאר דיזער צייט. ווי א מעכטיגער שטורם האט זיך דער קאפיטאליזם אריינגעריסען אין לאנד, און וואונדערבאר איז געוועזן זיין ארבייט. ער האט געבראכען און געבויט צוזאמען, ער האט צושטערט און געשאפען דורך איינע און די זעלבע פראצעסען, ער האט פערארימט און בערייכערט אויף איינעם און דעם זעלבען ארט. און געפאלען איז די אלטע וועלט, און א נייע איז אויף איהרע חורבות אויסגעוואקסען. דער רוסישער אדעל (דוואריאנסטוואָ) איז אויף אויביג געפאלען, זיין ארט האט פערחאפט די אלץ-וואקסענדע בורזשואזיע, ארויסרופענדיג צום לעבען דעם נייען יונגען היגאנט, וועלכער בעצויבערט יעצט די גאנצע וועלט מיט זיין קאמפפס-פעהיגקייט — דעם רוסישען פראלעטאריאט. ס'זענען אויפגעוואקסען צעהנדליגע אינדוסטריעלע צענטרען — די שטעדט זענען געוואקסען שנעל און פיבערהאפט, ניט-קענענדיג פונדעסטוועגען איינשלינגען די מיליאנען הונגעריגע און נויט-בעדערפטיגע, וועלכע דאס זיך צופאלענדע דארף האט ארויסגעווארפען. ווי דורך א צויבערהאנד זענען אויסגעוואקסען גרויסע פאבריקען, און טויזענדער פון די הונגעריגע פויערים זענען אין זי אריינגעצויגען געווארען, אום געווארפען צו ווערען אויפ'ן מזבח פון קאפיטאל; צעהענדליגע טויזענדער אבער זענען געבליבען אויפ'ן שוועל פון דיזע „טעמפלען", זענען געבליבען אויף דער פרעמדער שטאדטישער גאס, מקנא זייענדיג די „גליקליכע" קרבנות. איינינגע ציפערען וועלען לייכט אילוסטרירען דעם וואוקס פונ'ם רוסישען קאפיטאליזמוס. אלס חאראקטעריזירענדע דעם קאפיטאליסטישען וואוקס פון דעם אדער יענעם לאנד, ווערען געוועהנליך גערעכענט די פראדוקציאנס-צווייגען, וואו ס'ווערען אויסגעארבייט די מאטעריאלען, וועלכע ענען נויטיג צום בעשאפען די פראדוקציאנס-מיטלען, ווי צום ביישפיל, אייזען, קוילען, טשוגון א. ז. וו.

אין גאנץ רוסלאנד (חוץ פינלאנד) איז אויסגעגאסען געווארען טשוגון:

אין 1860 יאהר — — — 20,468,000 פוד

" 1880 " — — — 27,364,000 "

" 1900 " — — — 176,776,000 "

מיר זעהען, אז אין די ערשטע 20 יאהר פון 1860 ביז 1880 יאהר איז דער צווואוקס געוועזן סך-הכל 34 פראצ.; אין די לעצטע 20 יאהר — מעהר אלס 500 פראצ. אין אלע 40 יאהר צוזאמען פון 1860 יאהר ביז 1900 איז דער וואוקס געוועזן מעהר אלס 763 פראצ. אינטערעסאנט איז צו פערגלייכען דעם וואוקס פון איינינגע פראדוקציאנס-צווייגען מיט די זעלבע אין די

ענטוויקעלטסטע קאפּיטאַליסטישע לענדער, ווי אַמעריקאַ און ענגלאַנד. דיזעס פערגלייכען ווייזט ערשט, ווי שנעל די רוסישע פראָדוקציאָן פראגרעסירט. דער ארויסנעם פון שטיין=קוילען האָט זיך פערגרעסערט אין פאָלגענדע צאָהלען פון 1890=טען ביז 1899=טען יאָהר. ד. ה. פאַר 9 יאָהר.

דער ארויסנעם פון שטיין=קוילען.

| יאָהר. | | צוואוקס. |
|---|---|---|
| | ענגלאַנד. | |
| 1890 | מיליאָן 11,260 | 22 פראָצ. |
| 1899 | 13,645 " | |
| | אַמעריקאַ. | |
| 1890 | מיליאָן 8,634 | 61 פראָצ. |
| 1899 | 13,946 " | |
| | רוסלאַנד. | |
| 1890 | 367 מיליאָן | 131 פראצ. |
| 1899 | 849 " | |

אין ענגלאַנד איז דער צוואוקס געווען סך=הכל 22 פראָצ., אין אַמע=ריקע—61 פראָצ. און אין רוסלאַנד 131 פראָצ.,—מעהר אַלס אין דער ערשטער כמעט 6 מאָהל און אַלס אין דער צווייטער מעהר אַלס צוויי=מאָהל. דער וואוקס פון אייזען און שטאָל צייגט דאָס זעלבע:

דער וואוקס פון אייזען און שטאָל.

| יאָהר. | | צוואוקס. |
|---|---|---|
| | ענגלאַנד. | |
| 1890 | 341 מיליאָן פוד. | 8 פראָצ. |
| 1899 | 368 " " | |
| | אַמעריקאַ. | |
| 1890 | 421 מיליאָן פוד. | 63 פראָצ. |
| 1899 | 680 " " | |
| | רוסלאַנד. | |
| 1890 | 49 מיליאָן פוד. | 116 פראָצ. |
| 1899 | 107 " " | |

דער וואוקס פון אייזען און שטאָל אין רוסלאַנד איז געווען גרעסער אַלס אין ענגלאַנד כמעט אין 15 מאָהל, אַלס אין אַמעריקאַ כמעט אין צוויי מאָהל. פערשטעהט זיך, אַז נאָך יעצט שטעהט רוסלאַנד שטאַרק אָב פון דיזע צוויי ענטוויקעלטסטע לענדער אין דער וועלט, נאָר די מאָס פון איהר ענטוויקלונג ווייזט אויף איהר שטאַרקען פראָגרעס און אויף דער צוקונפט, וואָס שטעהט איהר פאַר. ס'זענען שוין דאָ אויך יעצט פראָדוקציאָנס=צווייגען, אין וועלכע רוסלאַנד שפּילט זאָגאַר די הויפט=ראָליע. נאָך אין 1890 יאָהר האָט אַמעריקאַ געהאַט 359 מיליאָן פוד נעפט און רוסלאַנד נאָר 226 מיליאָן פוד. אין 1899 בייט זיך שוין די לאַגע:

רוסלאַנד האָט 525 מיליאָן פוד.

אַמעריִקאַ — 391 — — —

דער צוואוקס איִן רוסלאַנד איִז געווען 132 פּראָצ.

— — — אַמעריִקאַ נאָר — 9

רוסלאַנד גיִט יעצט 60 פּראָצ. נעפּט פון דער גאַנצער וועלט.

דער צוואוקס פון דער צאָהל שפּיִן־מאַשיִנען (веретена) בעשטעטיִגט אויך אַלעס געזאָגטעס:

דער וואוקס פון שפּיִן־מאַשיִנען.

| יאָהר. | | צוואוקס |
|---|---|---|
| | ענגלאַנד. | |
| 1890 | 43,750 טויזענד | |
| 1899 | „ 45,400 | 3,8 פּראָצ. |
| | אַמעריִקאַ. | |
| 1890 | 14,405 טויזענד | |
| 1899 | 18 מיִליאָן | 25,6 פּראָצ. |
| | רוסלאַנד. | |
| 1890 | 3.457 טויזענד | |
| 1899 | „ 6,091 | 76,2 פּראָצ. |

די גאַנצע פּראָדוקציאָן צוזאַמענגענומען איז אוינגעהויער אויסגעוואַקסען. דאָס ווייזט אונז דער וואוקס פון דער סומע פון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען.

די סומע פון די לעצטע האָט בעטראָפען איִן 1855 יאָהר סך־הכל—160,000,000רובל*), שפּעטער מיִט 42 יאָהר, ד. ה. איִן 1897 יאָהר איִז די־זע סומע געווען—1,839.000,000 רובל**). דער וואוקס איִז א גראַנדי־עזער, וועלכער דערמאָנט כמעט אָן די גאָלדענע יאָהרען פון דער ענגלי־שער פּראָדוקציאָן.

פערשטעהעט זיִך, אַז מיִט'ן וואוקס פון דער פּראָדוקציאָן איִז אויך געוואַקסען דאָס רייכטום פון לאַנד, אָבוואָל בּרייִטע שיִכטען פון פאָלק זענען נאָך נידריִגער, טיִפער געפאַלען.

די צאָהל געלד, וואָס קומט אריין איִן די זאָגענאַנטע שפּאָר־קאַסען בּעווייזט די סומע, וועלכע עס בעזיִצען די נידריגע שיִכטען פון פאָלק.

ס'איִז אריינגעטראָגען געוואָרען איִן די שפּאָר־קאַסען איִן גאַנץ רוסלאַנד.

| | | |
|---|---|---|
| איִן 1880 יאָהר | — — — — | 9.054,000 רובל. |
| — 1889 | — — — — | 92,970,000 — |
| — 1891 | — — — — | 147,042.000 — |
| — 1900 | — — — — | 850,000,000 — |

איִן משך פון 20 יאָהר האָט זיִך די סומע פערגרעסערט מעהר אַלס איִן 90 מאָל.

*) אָהן פּוילען. **) מיִט פּוילען.

די סומען פֿון געלד, וואָס ווערען אָבגעגעבען אין שטאאטליכע און פּריוואטע בענק, ווייזען שוין אויף וויפיל עס וואַקסט דער קאַפּיטאַל אין די העכערען שיכטען פֿון פֿאָלק.

אין 1870 יאָהר איז אין גאַנץ רוסלאַנד אריינגעטראָגען געוואָרען אין שטאאטליכע און פּריוואַטע בענק — 73,200,000 רובל. אין 1887 יאָהר — 429,000,000. דער וואוקס דערגרייכט 488 פּראָצ.

מיר וועלען נאָך אין קורצען זיך אָבשטעלען אויפ'ן וואוקס פֿון די ארבייטער אין רוסלאַנד און אויף דער קאָנצענטראַציע פֿון די לעצטע אין די גרויסע פֿאַבריקען. אין 1887 יאָהר איז געווען אין גאַנץ רוסלאַנד סך-הכל ארבייטער—

| | |
|---|---|
| אין קוילען-גרובען, פֿאַבריקען און זאַוואָדען — — — — — | 1, 318,048 |
| ביי אייזענבאַנען — — — — — | 218,077 |
| סך-הכל | 1,536,125 |

אין 1897 יאָהר איז געווען אין רוסלאַנד סך-הכל ארבייטער אין

| | |
|---|---|
| קוילען-גרובען, פֿאַבריקען און זאַוואָדען | 2,098,262 |
| *) ביי אייזענבאַנען — — — — — | 414,152 |
| סך-הכל | 2,512,414 |

דער צוּוואוקס איז 64 פּראָצ.

ווען מיר זאָלען רעכענען דעם צוּוואוקס פֿאַר די לעצטע 40 יאָהר, דאַן וועלען מיר געפֿינען, אַז דער וואוקס דערגרייכט ביז 400 פּראָצ. ווייל ווי פֿילע עקאָנאָמיסטען מיינען, איז דאַן מעהר ניט געווען אין רוסלאַנד (אָהן פּוילען) ווי אַ האַלב מיליאָן ארבייטער. טוגאַן-באַראַנאָווסקי ברענגט, אַז אין די פֿאַבריקען, וואָס צאָהלען קיין אַקציז ניט, איז אין 1860-טען יאָהר געווען סך-הכל 358,000 ארבייטער: מיר רעכענען, אַז אין די אַקציז-פֿאַבריקען איז געוויס מעהר ניט געווען, אַלס 150,000 ארבייטער.

וועגען דער קאָנצענטראַציע פֿון די ארבייטער ברענגט אילאַין אין זיין בוך: „די ענטוויקלונג פֿון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד" פֿאָלגענדע טאַבעלע וועגען 71 פּראָדוקציאָנס-צווייגען אין אייראָפּעישען רוסלאַנד.

| יאָהר. | פֿאַבריקען פֿון 100 ביז 500 ארבייטער. | צוּוואוקס. |
|---|---|---|
| 1866 | 512 | 40 פּראָצ. |
| 1890 | 712 | |
| | יאָהרליכע פּראָדוקציאָן אין טויזענדער רובל. | |
| 1866 | 99,830 | 80 פּראָצ. |
| 1890 | 186,284 | |
| | די צאָהל ארבייטער. | |
| 1866 | 109.06 | 43 פּראָצ. |
| 1890 | 156,6901 | |

*) אין 1905 יאָהר איז שוין געווע, אייזענבאַנען-ארבייטער צוזאַמען מיט אלע בעאַמטע—1,070,000.

| | | |
|---|---|---|
| | פֿאַבריקען פֿון 500 ביז 1000 אַרבייטער. | |
| 1866 | 90 | 55,5 פראָצ. |
| 1890 | 140 | |
| | יאָהרליכע פּראָדוקציאָן אין טויזענדער רובל. | |
| 1866 | 48,359 | 208 פראָצ. |
| 1890 | 148,546 | |
| | צאָהל אַרבייטער. | |
| 1866 | 59,867 | 57,5 פראָצ. |
| 1890 | 94,305 | |
| | פֿון 1000 אַרבייטער און מעהר. | |
| 1866 | 42 | 1,36 פראָצ |
| 1890 | 99 | |
| | יאָהרליכע פּראָדוקציאָן אין צעהנדליגע רובל. | |
| 1866 | 52,877 | 400 פראָצ. |
| 1890 | 253,130 | |
| | צאָהל אַרבייטער. | |
| 1866 | 62,801 | 240 פראָצ. |
| 1890 | 213,333 | |

דיזע טאַבעלע רעדט פֿאַר זיך אַליין. די צאָהל פֿאַבריקען וואו ס'איז דאָ מעהר אַלס טויזענד אַרבייטער, האָט זיך פֿערגרעסערט אויף 136 פראָצ. און די צאָהל פֿאַבריקען, וואו ס'איז דאָ פֿון 500 ביז 1000 נאָר אויף 55 פראָצ. פֿון 00 ביז 500 נאָר אויף 40 פראָצ. נאָך אינטערעסאַנטער איז דאָס פֿערגלייכען פֿון די סומען, וואָס זייערע פּראָדוקטען בעטרעפֿען. דער וואוקס אין די ער־שטע איז 400 פראָצ., אונאין די צווייטע נאָר 208 פראָצ., אין די דריטע נאָר 80 פראָצ. די צאָהל אַרבייטער שטרייכעלט נאָך מעהר אונטער, ווי שנעל די גרויסע פֿאַבריק וואַקסט. ביי די ערשטע איז די צאָהל אַרבייטער פערגרעסערט געוואָרען אויף 240 פראָצ., ביי די צווייטע נאָר אויף 57 פראָצ., 4 מאָהל וויניגער ביי די דריטע אויף 43 פראָצ., 6 מאָהל וועניגער.

ווי מ זעהען, האָבען זיך אויף גאָר די גרויסע פֿאַבריקען שוין אין יאָהר 1866 געפֿונען 27 פראָצ. פֿון אַלע אַרבייטער, וועלכע זענען פֿערנומען אין אַל' דריי קאַטעגאָריען, וואָס מיר האָבען דאָ געבראַכט; אין 1890 יאָהר איז אויף די פֿאַבריקען פֿון 1000 אַרבייטער און מעהר שוין געווען 46 פראָצ. פֿון אַלע אַרבייטער, וואָס זענען געווען פֿערנומען אין דיזע דריי קאַטעגאָריען. נאָך אילאָינ'ס חשבון קומט אויס, אַז אין אַלגעמיינעם בילדען אַלע רוסישע גרויסע פֿאַבריקען נאָר 6,7 פראָצ. פֿון אַלע פֿאַבריקען; אַרבייטער ווידער האָבען זיי 71,1 פראָצ. פֿון אַלע אַרבייטער אין רוסלאַנד. דיזע ציפֿערען געהע־

רען צו 1890 יאָהר—יעצט האָבען זיי זיך געוויס נאָך פערגרעסערט אין אַ שטאַרקער מאָס.

די לעצטע 15 יאָהר—פון 1890 ביז 1905 רעכענען זיך פאַר אַ צייט, ווען די רוסישע פּראָדוקציאָן האָט באַזונדערס אינטענסיוו פּראָגרעסירט און די קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל און אַרבייט האָט געמאַכט גרויסע פאָרטשריט. מיר רעכענען, אַז מיר וועלען זיין גאַנץ נאָהענט צום אמת, ווען מיר וועלען רעכענען אין 1897 יאָהר פון די צוויי מיט אַ האַלבען מיליאָן אַרבייטער איינס מיט אַ פערטעל מיליאָן אַרבייטער אין גאָר די גרויסע פאַבריקען פון 1000 אַרבייטער און מעהר, ד. ה. 50 פּראָצ. (אין 1890 יאָהר 40 פּראָצ.) אויף וויפיעל דיזע קאָנצענטראַציע האָט פערהאַפּט דעם אידישען קאַפּיטאַל און—די הויפּט־פראַגע—דעם אידישען א ר ב י י ט ע ר, וועלען מיר זעהען ווייטער.

דאָך, דער פאַל אַליין, אַז אין 1897 יאָהר און פיליכט נאָך יעצט אין 1905־טען יאָהר, איז ניטאָ אפילו איין פאַבריק, וואו ס'זאָלען אַרבייטען צוזאַמען 1000 אידישע אַרבייטער, אַנדערש געזאָגט: אין 1 מיט אַ פערטעל מיליאָן אַרבייטער, וועלכע זענען אַם שטאַרקסטען קאָנצענטרירט און פאָלגליך אָרגאַניזירט אַם בעסטען, פעהלט דער אידישער אַרבייטער גאָר ניט אריין, — דיזער פאַל אַליין קען אַרויסרופען טרויעריגע געדאַנקען און ניט קיין קליינעם ספק אין די שוין צו דרייסטע בעהויפּטונגען פון די טעאָרעטיקער פון „בונד“, אַז דער אידישער פּראָלעטאַריאַט שטעהט ניט אָב אין זיין ענטוויקלונג פונ'ם אַלגעמיינעם פּראָלעטאַריאַט, און אַ ראיה, ער גיבט דאָך ניט וועניגער ענטוזיאַסטישע רעוואָלוציאָנערען, אַלס דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט... ס'איז בעקאַנט, אַז דעם קאַמפּף אויף די גאַסען פון פּאַריז אין 1830־טען יאָהר האָבען אָנגעהויבען איינציגער־מאַסען די אַרבייטס־לאָזיגע. די פּאַריזער קאָמונע האָט געשעפּט איהרע קרעפטען פון די אַרבייטס־לאָזיגע און הונגעריגע קליין־בירגער—אפשר זענען דיזע פאַקטען אויך אַ בעוויז, אַז דיזע עלעמענטען קענען זיין די טרעגער פון סאָציאַליסטישען אידעאַל, קענען איהם רעאַליזירען, זענען פעהיג צו אָרגאַניזירען זיך ניט בלויז צוליב פּאָליטישע ציעלען, נאָר אויך צוליב סאָציאַליסטישע ציעלען? ביי אַזאַ מין גלויבען אין דער מופתים־שאַפענדער ווירקונג פון רעוואָלוציאָנערען ענטוזיאַזם זענען טאַקי אין גאַנצען איבריג די טעכנישע פאָרבעדינגונגען, די קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל און אַרבייט—דער פרייער ווילען פון דער ענטוזיאַזטישער פערזאָן וועט דיזע אַלע זאַכען מיט ערפאָלג פערבייטען!

מיר האָבען שוין פריהער ערקלערט אונזער שטאַנדפּונקט אויף די בעדייטונג פון דער צאָהל, פונקוואַנטיטעט פון פּראָלעטאַריאַט, און פון זיין קוואַליטעט (די מעלה). צום ערשט וועלען מיר זיך אָבשטעלען אויף דער ערשטער העלפט פון דער פראַגע, אויף די זאָגענאַנטע ניטפּראָלעטאַריזירונג.

אין איינער פון זיינע טיפּזיני[illegible] בראָשורען וועגען אונז, ציוניסטע

סאָציאַליסטען—שרייט אויס דער בונדיסטישער מחבר מיט היץ: סך־הכּל איז דאָ אין רוסלאַנד איבער צוויי מיליאָן פֿאַבריק־אַרבייטער אויף העכער 130 מיליאָן איינוואָהנער, אַלזאָ 1 מיט אַ האַלב פּראָצ. און דער גליקליכער מחבר ענדיגט פּאַטעטיש: אויף 5 מיליאָן אידען פּ אָ ד ע ר ט זיך אידישע פֿאַבריק־אַרבייטער אַנ'ערך 75 טויזענד*). יאַ, ליבער מחבר, וויפיל עס פֿאָדערט זיך, אויב פֿאָדערן איז אַ עצה, וועלען מיר באַלד זעהען—וויפיל ס'איז אָבער אין אמת'ן דאָ אידישע פֿאַבריק־אַרבייטער, זייער פֿערגלייך מיט דעם אַלגעמיינעם פּראָלעטאַריאַט אין קוואַנטיטאַטיווען זין, ווי שרעקליך די אידישע טשערטאַ איז אָבגעשטאַנען — דאָס אַלעס קענען אונז ווייזען נאָר ריכטיגע, עהרליכע און ווירקליכע ציפֿערען.

ביים בעהאַנדלען פֿון דיזער פֿראַגע, ביים אויסרעכענען די פּראָצענטען־פֿערהעלטניסען פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט ביחוס צום אידישען פֿאָלק, אין פֿערגלייך מיט דעם אַלגעמיינעם פּראָלעטאַריאַט, מוז מען זיך אָבשטעלען אויף איינעם פֿון די צוויי פֿאָלגענדע מעטאָדען: 1) אָדער מיר מוזען אריינרעכענען אין צאָהל פֿון פּראָלעטאַריאַט אויך די אַנדערע פּראָלעטאַריער—און אַזעלכע איז פֿאַראַן אין רוסלאַנד, נאָך דער רעכנונג פֿון אילאין, 3 מיט אַ האַלבען מיליאָן, פֿון וועלכע הונדערטער טויזענדער אַרבייטען צוזאַמען אין גרופּען צו 3—2 טויזענד און צעהענדליגע טויזענדער אויך ביי מאַשינען, ווי אין די דרום־געגענדען—חערסאָן, יעקאַטערינאָסלאַוו, קובאַן,—וואו, אין אַלגעמיינעם—ווערט אויסגעאַרבייט איין פֿינפֿטעל ברויט פֿון גאַנץ רוסלאַנד. דאַן קענען מיר אויסרעכענען די פּראָצענטנע פֿערהעלטניסען פֿון דיזע ביידע קאַטעגאָריעס, פֿאַבריק און אַגראַר־פּראָלעטאַריער — צו דער גאַנצער בעפֿעלקערונג פֿון לאַנד. 2) אָדער מיר רעכענען נאָר די פֿאַבריק־אַרבייטער, דאַן הייסט עס, אַז מיר רעכענען 99 פּראָצ. פֿון די שטאָדט־אַרבייטער און די פּראָצענטנע פֿערהעלטניסען מוזען אויך אויסגערעכענט ווערען נאָר אין בעציהונג צו דער שטאָדט־בעפֿעלקערונג. דאָך וועלען מיר זיך אָבשטעלען אויך אויף די פֿערהעלטניסען צווישען אידישען און אַלגעמיינעם פּראָלעטאַריאַט נאָכ'ן בונדיסטישען מעטאָד, אום צו ווייזען, ווי ער פֿעלשט ניט בלויז אין אויספֿאָרשונגס־מעטאָד, נאָר אויך אין די ציפֿערען זעלבסט. מיר נעמען אַלע ציפֿערען פֿאַר 97־טען יאָהר, ווייל נאָך דיזען יאָהר איז ניט געווען קיינע נייע איבערשרייבונגען אין רוסלאַנד און קיינע נייע מעטעריאַלען איז דערווייל ניטאָ, כּדי מיט זיי זיך צו נוצען. אין 1897־טען יאָהר זענען אין גאַנץ רוסלאַנד געווען איינוואָהנער ניט העכער אַלס 130 מיליאָן, נאָר 125,668,190. פֿאַבריק־אַרבייטער צוזאַמען מיט די אייזענבאַהן־אַרבייטער (אפשר רעכענט זיי ניט דער בונדיסטישער מחבר פֿאַר אינדוסטריע־פּראָלעטאַריער?) איז געווען דאַן 2,512,414—דאָס מאַכט אויס ניט 1 מיט אַ האַלב פּראָצ., נאָר גאַנצע 2 אַ האַלב פּראָצ., אין דיזען

*) דער פּועלי־ציוניזם.

פֿאַל הייסט עטוואָס מעהר אַלס אַ האַלבער מיליאָן אַרבייטער. און מען וואַרפֿט אַזוי פֿיל ניט אַראָב, גלאַט אַזוי, כּדי ס'זאָל אויסקומען דער געווינשטער חשבון.

אידען זענען געווען אין רוסלאַנד אין 1897=טען יאָהר 5,189,401. יעצט לאָמיר זעהען, וויפֿיל פֿאַבריק=אַרבייטער זענען דאַן געווען ביי אידען. אין דער גאַנצער טשערטאַ, חוץ חערסאָן און פּוילען, זענען געווען נאָך דעם חשבון פֿון יק"א 34 טויזענד אידישע אַרבייטער. אין פּוילען איז דאָ ביז 13 טויזענד אידישע פֿאַבריק=אַרבייטער*) און אין חערסאָנער גובערניע אַם מעהרסטען 3 טויזענד—אַלזאָ אינ'ם 97=טען יאָהר איז געווען ניט מעהר אַלס 50,000 אידישע פֿאַבריק=אַרבייטער; דאָס מאַכט אויס, פֿערשטעהט זיך, ניט ווי עס פֿאָדערט זיך, נאָר ווי ס'איז אין ווירקליכען לעבען, ווייניגער אַלס 1 פּראָצ. פֿון דער גאַנצער אידישער בעפֿעלקערונג, ד. ה. צוויי מאָל ווייניגער, אַלס ביי דער אַרומיגער בעפֿעלקערונג. דיזער חשבון אָבער פֿערמאַסקירט די אמתע לאַגע אין זעהר אַ גרויסע מאָס און דאָס ווילען מיר באַלד בעווייזען. די אַגראַר=פּראָלעטאַריער שטעהען אַלענפֿאַלס ניט נידריגער אין מאַטעריעל=טעכנישען זין, אַלס די אידישע מינעראַל=וואַסער=אַרבייטער, זאָקען=מאַכערינען, קאָנפֿעקטען=מאַכער, גילזען=אַרבייטער און טאַבאַק=אַרבייטער, וואו ס'איז דאָ מעהר אַלס 70 פּראָצ. מיידלאַך און יונגלאַך פֿון 8 ביז 12 יאָהר.—און אין דיזע דערמאָנטע פּראָדוקציאָנס=צווייגען איז פֿערנומען כּמעט אַ העלפֿט פֿון דעם אידישען „פֿאַבריק"=פּראָלעטאַריאַט...

מיר האָבען שוין אָנגעוויזען, אַז אין קוואַנטיטאַטיווען זין זענען די אַגראַר=פּראָלעטאַריער אַפֿט גלייך צו די פֿאַבריק=פּראָלעטאַריער. זיי בילדען אָבער גרויסע מאַסען אויף איין אָרט ביי איין אונטערנעהמער, זיי זענען אָבער אָפֿט גלייך צו די פֿאַבריק=אַרבייטער אויך אין קוואַליטאַטיווען זין.

די מאַשין רייסט זיך אויך אַריין אין דער בעאַרבייטונג פֿון דער ערד, און אין די גובערניעס, וואו ס'איז דאָ מערסטענטיילס אַגראַר=פּראָלעטאַריער, פֿערנעמט זי שוין אַ גאַנץ גרויסעס אָרט. צורעכענענדיג די דריי אַ האַלבע מיליאָן אַגראַר=פּראָלעטאַריער, דאַן בעקומען מיר אַ צאָהל פֿון 6,012,414 פּראָלעטאַריער אין גאַנץ רוסלאַנד, ד. ה. 4,78 פּראָצ. ביחס צו דער גאַנצער בעפֿעלקערונג,— מעהר ווי ביים אידישען פֿאָלק, ביי וועלכען ס'איז גאָר ניטאָ קיין אַגראַר=פּראָלעטאַריער, העכער אַלס 4 מאָל. רעכענען מיר ניט צו די אַגראַר=פּראָלעטאַריער, דאַן מוזען די פּראָצענטנע פֿערהעלטניסען אויפֿגעשטעלט ווערען נאָר ביחס צו דער שטאָדט=בעפֿעלקערונג. אין רוסלאַנד איז דאָ ביז 17 מיליאָן**) שטאָדט=איינוואָהנער; אַזוי ווי אָבער אין רוסלאַנד איז דאָ אַ געוויסע צאָהל דערפֿער, וועלכע טראָגען נאָר אָפֿיציעל דיזען נאָמען, זייענדיג אין דער ווירקליכקייט שוין לאַנג גרויסע פֿאַבריק=צענטרען, ווי צום ביישפּיל, אָריעכעווא זויעווא, וואו עס גיבט מעהר פֿאַבריק=אַרבייטער, אַלס אין

*) מאַטעריאַלען פֿון יק"א—זייטע 115.

**) נאָך דער איבערשרייבונג פֿון 1897 יאָהר.

דער גאַנצער אידישער טשערטאַ, וועלען מיר צורעכֿענען נאָך 3 מיליאָן שטאָדט־איינוואָהנער, אַלזאָ צוזאַמען 20 מיליאָן שטאָדט־איינוואָהנער.

ביחס צו דיזען לעצטען צאָהל שטעלט פֿאָר דער אַלגעמיינער פּראָלעטאַריאַט ניט צוויי פּראָצ., נאָר גאַנצע 12,5 פּראָצ. מיר וועלען ביים אידישען פֿאָלק אויך אַראָפּרעכֿענען די דאָרפֿס־איינוואָהנער. קאָלאָניסטען אידישע איז פֿאַראַן אין גאַנץ רוסלאַנד 75 טויזענד נפֿשות, אין אַלע רוסישע דערפֿער ביז 300 טויזענד מאַן—אַלזאָ צוזאַמען 375,000, בלייבט אידישע שטאָדט־איינוואָהנער 4,814,400, ביחס צו דיזען לעצטען צאָהל בילדעט דער אידישער פּראָלעטאַריאַט סך־הכל 1,04 פּראָצ. ד. ה. וועניגער אַלס ביים אַלגעמיינעם פּראָלעטאַריאַט כמעט 13 מאָהל.

עס פֿאָדערט זיך אַלזאָ,—אויב דעם היציגען מחבר פֿון דער שוין דער־מאָנטער בראָשור ווילט זיך פֿאָדערן,—ניט 75 טויזענד אידישע פֿאַבריק־אַרבייטער, נאָר ביז 700 טויזענד!

## IV.

צוגעהענדיג נאָהענטער צו דער פֿראַגע וועגען די פֿערהעלטניסען צווישען דער ענטוויקלונג פֿון אידישען און ניט־אידישען פּראָלעטאַריאַט — און דאָס וועלען מיר קענען דייטליך און ריכֿטיג וויסען נאָר ווען מיר וועלען זיך גאַנץ גענוי אָבשטעלען אויף דעם צושטאַנד פֿון דער גאַנצער פּראָדוקציאָן בכלל און פֿערשידענע איהרע צווייגען בעזונדערס אין די אינערע גובערניעס און אין דער טשערטאַ, — מוזען מיר פֿריהער זיך איינינגער־מאַסען אָבשטעלען אויף דעם בעזונדערען כֿאַראַקטער פֿון דער אידישער עמיגראַציע אין דער לעצטער צייט און, אגב אורחא, וועלען מיר אין קורצען אָנווייזען אויף די בעזונדערע, זעהר וויכֿטיגע רעזולטאַטען, וועלכֿע מוזען פֿאָלגען פֿון דיזען געענדערטען כֿאַראַקטער פֿון דעם אידישען היסטאָרישען עמיגראַציאָנס־שטראָם.

ביחס צו אונזער לאַגע אין רוסלאַנד אין דער נאָהענטער צייט און די אויסזיכֿטען, וועלכֿע מיר קענען האָבען אויף דער צוקונפֿט אין דיזען לאַנד, מוז דיזע פֿראַגע בעזונדערס דייטליך בערעדט ווערען, כדי איינמאָל איבער אַלע מאָל צו מאַכֿען אַ ענדע מיט די לעגענדעס וועגען אומגליקליכֿען רוסישען פֿאָלק, צו וועלכֿען מען לאָזט ניט צו דעם גליק־טראָגענדען מלאך פֿון מסחר און מלאכה. אפילו פֿאַרן אויבער־פֿלעכֿליכֿען בעאָבאַכֿטער איז לייכֿט צו בעמערקען, אַז אין דער אידישער עמיגראַציאָן קומט פֿאָר אַ טיפֿע פֿיעל־בעדייטענדע רעוואָלוציע. [ווען אין מיטעל־אַלטער איז זי געווען אין גאַנצען געריכֿטעט פֿון די ענטוויקעלטע לענדער אין די אָבגעשטאַנענע, קומט די זאַך פֿאָר יעצט פֿער־קערט. די אידען עמיגרירען פֿון די אָבגעשטאַנענע לענדער אין די מעהר ענטוויקעלטע. און דיזער פֿאַקט איז רייך מיט זעהר וויכֿטיגע און ערנסטע פֿאָלגען. דאָ מוזען מיר זאָגען, אַז דיזע פֿערשידענע ריכֿטונגען פֿון דער אידישער עמיגראַציע אין פֿערשידענע צייטען זענען אַ סך וועניגער אָבהענגיג פֿון

ספעציעל גרונד זייער האבען וואס סבות, פון ה. ד. אורזאכען, אינערליכע דער ליעגט דעם אין און אויסערע. פון אלס עקאנאמיק, אידישער דער אין אידישער דער פון ענטוויקלונג היסטארישע די פראגע. דער פון צענטער-שווערם בעשטימטע צו צוגעפאסט זיך האט זי וויפיעל אויף גלות, אין עקאנאמיק שער דא לענדער. ענטוויקעלטע-ניט די אין עמיגראציע אין בעשטעהט פונקציאנען, איבערגעהען פון זין אין ניט פערשטעהן "ענטוויקלונג" ווארט דאס מען דארף די האט ענטוויקלונג מין אזא ווייל העכערע, א צו שטופע נידריגערע א פון עס מוז מען גלות. גאנצען אין איבערגעלעבט ניט כמעט עקאנאמיק אידישע ענדערונגען, אונבעדייטענדע קליינע פון זין אין פערשטעהען פאל דיזען אין בעדינגונגען, אויסערע נייע די צו זיך צופאסען צום געוועזען נויטיג זענען וועלכע פונקציאנען. ווירטשאפטליכע-טעכניש זעלבע די אייגענטליך ערפילען צו כדי קערפער, זעלבסשטענדיגען א שאפענדיג ניט זעלבסט, זיך פון לעבענדיג ענטוויקלען, ארגאניש זיך געקאנט ניט גלות אין עקאנאמיק אידישע די האט געווען הויפטזעכליך אויך איז מארשרוט היסטארישער געענדערטער דער און פעלקער, אנדערע פון ענטוויקלונג דער פון מעהר קרעפטען, אויסערע פון אבהענגיג פאלק. אידישען פון אלס

ווען וועלכעס ניט איז פאלק מוז אריבערגעהן צוליעב געוויסע סאציאלע אורזאכען, אויף וועלכע מיר שטעלען זיך דא ניט אב, פון איין ווירטשאפטס-סיסטעם צו דער צווייטער, מוז דיזעס פאלק, אויב עס וויל נאר פערגרינגערן דעם לעצטען פראצעס, אנקומען צו די פארגעשריטענע פעלקער, אום זיך צו בענוצען מיט די שוין ערווארבענע ערפאהרונגען. אין דיזען בענוצען קענען מיר אבער אונטערשיידען צוויי אופנים, וועלכע ענטשפרעכען צוויי פערשיעדענע קולטור-פעריאדען: ביי דעם עקספערימענטאלען צושטאנד פון דער טעכניק, בשעת זי האט זיך ענטוויקעלט דורך צופאלען, דורך מעהר אדער וועניגער גליקליכע פראבעס, אהן סיסטעמאטישע אנווענדונג פון דער וויסענשאפט, ביי די הינדערניסע, וואס האבען געשטערט די פערברייטונג פון שוין געמאכטע ערפאהרונגען צווישען פערשידענע פעלקער, ביי א ווירטשאפטליכען צושטאנד, ווען פון איין זייט האט געהערשט דער נאטורעלער אופן פון פראדוקציאן און פון דער אנדער זייט האט עקסיסטירט א ענגער צוזאמענבונד צווישען קאפיטאל און זיין טרעגער — דעם קאפיטאליסט, — ביי אזא בערך נידריגען קולטור-צושטאנד האט דאס פאלק, וועלכעס האט זיך געוואלט בענוצען מיט די שוין געמאכטע ערפאהרונגען, געמוזט צו זיך אין לאנד איינלאדען, זא צו זאגען, די פיזישע טרעגער פון דיזע ערפאהרונגען, ד. ה. צוזאמען מיט דער ענטוויקעלטע טעכניק, מיט'ן נייעם האנדעל, מיט דער נייער מלאכה, מיט דעם אנגעקליבענעם קאפיטאל מוזען אויך איינגעלאדען ווערען די מענשען זעלבסט, וואס בעהערשען דיזע אלע רייכטימער, ווייל דיזע לעצטע עקסיסטירען נאך דאן ניט אבגעטיילט פון דיזע פערזאנען, פיהרען נאך ניט קיין זעלבסטשטענדיגען לעבען, ווי אין אונזער צייט, זענען נאך, זא צו זאגען, פערזענליך.

יעדע האַנדעלס=אונטערנעמונג אין׳ם נייעם לאַנד ווערט דאַן בעגלייטעט
פֿון׳ם האַנדעלס=מאַן זעלבסט, יעדע האַנדווערקעריי=אונטערנעמונג אָדער אפילו
אינדוסטריע=אונטערנעמונג, אויף וויפיעל זי האָט עקסיסטירט אין מיטעל=אַלטער,
האָט געמוזט בעגלייטעט ווערען פֿון׳ם ערפֿאַהרענעם בעל מלאכה אָדער פֿאַב=
ריקאַנט, וועלכער איז אין דער ערשטער צייט זעלבסטשטעהעטיג צוזאַמען מיט
זיינע אַרבייטער. און מיר זעהען טאַקי, אַז די דייטשען האָבען אין 7=טען און
8=טען יאָהר=הונדערט געגעבען אידען פריווילעגיען, אום זיי צוצוציהען אין לאַנד.
די ענגלענדער האָבען איינגעלאַדען די וועבער פֿון פלאַמאַנד און די האַנזען=
הענדלער, האָבען זיי געגעבען גרויסע פריווילעגיען, אַבי צו ענטוויקלען דעם
האַנדעל און די אינדוסטריע אין לאַנד. די פוילען האָבען גערופֿען צו זיך אַ
אידען, אַ דייטשען צו ענטוויקלען אין לאַנד האַנדעל און האַנד=ווערקעריי.

גאָר אַנדערש קומט פֿאָר דער איבערגאַנג פֿון איין ווירטשאַפֿטס=פֿאָרם
צו דער צווייטער אין 19=טען יאָהר=הונדערט.

די טעכניק, וואָס מעהר וויסענשאַפֿטליכער זי ווערט, אַלץ אונפערזענ=
ליכער, אַלץ אָביעקטיווער ווערט זי, איהר ענטוויקלונג ווערט אַלץ וועניגער
אָבהענגיג פֿון צופֿעליגע ערפֿינדונגען. חוץ דעם, יעדע וויסענשאַפֿטליכע ענט=
דעקונג, אויף וויפיעל ס׳גיבען נאָך אַזעלכע, ווערט אין איינינע שטונדען בעקאַנט
דער גאַנצער וועלט און קען בענוצט ווערען אומעדום אָהן דער הילף פֿון׳ם
ענטדעקער. די פֿערבינדונגען צווישען די ווייטסטע איינעם פֿון׳ם אַנדערען
רוימליך פֿעלקער זענען ענגע און נאָהענטע אין קולטורעל=מאַטעריעלען זין.
דער קאַפיטאַל נעמט אַלץ מעהר און מעהר אָן אַ אַבסטראַקטע לעבענס=גע=
שטאַלט, אַ אונפערזענליכע פֿאָרם, אַרויסטרעטענדיג מערסטענטיילס אין דער
צורה פֿון אונפֿיהלענדע און אונדערקענדע קערפער, ווי בענק, פֿערשידענע
געזעלשאַפֿטען, און פֿיעלע אַנדערע קרעדיטס=אַנשטאַלטען, ניט בייטענדיג, פֿער=
שטעהט זיך, זיין גרונד, זיין אמת׳ן כאַראַקטער — און ועל הכל — און דאָס
איז איינע פֿון די הויפט=זאַכען, אַ דאַנק דער איינגעפֿיהרטע טעכניק דאַרף דער
אַרבייטער ניט זיין קיין ספעציאַליסט און צעהנדליגע טויזענדער אַרבייטער
ווערען היינט גלייך גענומען פֿון דאָרף צו דער מאַשין. יעדעס לאַנד, וועלכעס
געהט יעצט איבער פֿון נאַטוראַלע ווירטשאַפֿט צו קאַפיטאַליסטישע, מאַכט דורך
דיזען פראָצעס אַ סך שנעלער, איבערגעהענדיג די מיטעלע פֿאַזען פֿון דער
אייגענאַרטיגער שטאָדט=ווירטשאַפֿט אין אַ גאַנץ קורצע צייט, אָדער אין פֿילע פֿאַ=
לען גאָר אין גאַנצען דורכלאָזענדיג כמעט דיזע מיטעלע פֿאַזען.

צו דער שנעלסטע און פֿולסטע דורכפֿיהרונג פֿון דיזען נויטווענדיגען
פראָצעס נויטיגט זיך יעדעס לאַנד אין גרויסע קאַפיטאַלען, וועלכעס זי האָט
נאָך ניט געקאָנט אַליין אָנקלייבען, אין ענטוויקעלטע טעכניק, וועלכע זי האָט
אויך ניט געקאָנט אַליין בעשאַפֿען, און אין אַרבייטס=קראַפֿט, וועלכע מוז דוקא
אין לאַנד זיין גראַדע אין מעהר אַלס אַ גענוגענדע מאָס, ווייל, אַ דאַנק דער
איבערבעפֿעלקערונג נאָמענטליך, איז אַרויסגערופֿען די נויטווענדיגקייט פֿון׳ם

איבּערגעהען צוּ פּראָדוּקטיווערע ווירטשאַפֿטס־פֿאָרמען. דאָס ערשטע פֿון די
אויבּענדערמאָהנטע מיטלען צוּ דער פֿערשנעלערוּנג פֿון דער ענטוויקלוּנג, דער
אויבּענדערמאָהנטע מיטלען צוּ דער פֿערשנעלערוּנג פֿון דער ענטוויקלוּנג, דער
קאַפּיטאַל, בּעקוּמט מען יעצט אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס אין די שוין קאַפּי־
טאַליזירטע לענדער, און די קאַפּיטאַליסטען זעלבּסט עמיגרירען ניט. די טעכניק
ווערט אויך איבּערגענוּמען אוּנפֿערזענליך דוּרך דער וויסענשאַפֿט און איהרע
פּיעלע אַנשטאַלטען, וועלכע זענען פֿערשפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט.
אַרבּייטס־קראַפֿט, ווי מיר האָבּען שוין בּעמערקט, איז גראַדע דאָ אין די בּע־
זעצטע לענדער מעהר אַלס גענוּג, און ווי גרויס אין רוּסלאַנד איז די אַרבּייטס־
קראַפֿט, וועלכע איז גרייט צוּ אויסגענוּצט ווערען פֿון דער פּראָדוּקציאָן, וועלען
מיר ערשט זעהען ווייטער. און מיר געפֿינען טאַקי יעצט ניט קיין איינציגע
בּיישפּיל, אַז אַ בּעזעצטעס לאַנד, וואָס געהט איבּער צוּ אַ קאַפּיטאַליסטישע
ווירטשאַפֿטס־פֿאָרם, זאָל זיין גענויטיגט אַריינלאָזען צוּ זיך עמיגראַנטען, אַלס
טרעגער פֿון די שוין ערגיץ־וואוּ־עקסיסטירענדע העכערע מאַטעריעלע און קוּל־
טוּרעלע לעבּענס־פֿאָרמען. די לעצטע ווערען גאַנץ שנעל איינגעפֿיהרט פּיעל
שנעלער, אַלס אין מיטעל־אַלטער, אָהן דער הילף פֿון די טרעגער פֿון דיזע
פֿאָרמען זעלבּסט. און רוּסלאַנד איז איינער פֿון די בּעסטע בּיישפּילען פֿון אַזאַ
מין סאָרט ענטוויקלוּנג. די אידען, אַלס די פֿון אַלע אַנערקאָנטע היסטאָרישע
טרעגער פֿון האַנדעל און האַנדווערקעריי, אַ דאַנק זייער ראָל אין מיטעל־
אַלטער, זענען געווען אין גאַנצען איבּעריג פֿאַר רוּסלאַנד, און זי האָט זיי
טאַקי קיינמאָל גאָר ניט איינגעלאַד'ען, זיי זענען איהר אָנגעקוּמען אַלס חלקים
פֿון די בּעפֿעלקערוּנגען פֿון די מלוכות, וואו זיי האָבּען שוין פֿון לאַנג געוואָהנט.
די אידישע עמיגראַציאָן האָט געמוּזט איבּערלעבּען אַ גרינדליכע רעוואָלוּציאָן
אין איהר ריכטוּנג, אַ רעוואָלוּציאָן, וואָס מוּז בּרענגען צוּ די וויכטיגסטע
רעזוּלטאַטען.

אידישע בּעלי מלאכות האָבּען בּעקוּמען אַ ערלויבּניש צוּ פֿאָהרען און
זיך בּעזעצען אין די אינערע רוּסישע גוּבּערניעס, נוּר דיזער נייער געזעץ פֿון
1865־טען יאָהר איז געבּליבּען ערפֿאָלגלאָז, ווייל מען האָט זיך דאָרט ניט
גענויטיגט אין'ם אידישען האַנדווערקער. אוּנזער ליבּעראַלע פּרעסע, וועלכע
לעבּט נאָך אוּנטער דער ווירקוּנג פֿון דער ראָל, וועלכע די אידען האָבּען
געשפּילט אין פּיעלע לענדער אין מיטעל־אַלטער, און אוּנזערע פֿאָרשטעהער
פֿוּנ'ם „איינציגען פֿאָרשטעהער", וועלכע בּיחס צוּ דער אידישער פֿראַגע געהען
זיי נאָך דער ערשטע, ווי די ווייבּער דער זאָגערין, נוּר מיט מעהר חמה און
עם־האַרצישע העזה, זענען געווען שטאַרק איבּערראַשט פֿון דיזער וואוּנדערלי־
כער פֿאַר זיי ערשיינוּנג, און האָבּען פֿאָרגענוּמען אַ מין סאָרט אַנקעטע דוּרך
דער פּרעסע, אוּם צוּ ענטדעקען דעם גרוּנד פֿון דער צרה. מיט ליבּע און
ערנסטקייט, וועלכע פֿערדינען בּעסערן אויסנוּצען, האָט מען געזאַמעלט בּויך־
סברות פֿון בּעלי־בּתים־שריפֿטשטעלער און שריפֿטשטעלער־בּעלי־בּתים, בּיז
וואַנען מען האָט אָבּגעזוּכט די גרוּנד־אוּרזאַכע: די רוּסישע פּריסטאַװס און אוּריאַד־

ניקעם זענען שרעקליך שטרענג אין זייערע פאָדערונגען ביים ערפילען פון געזעץ און ווייל זיי לעבען ניט אין דער טשערטאַ, זענען זיי צום אומגליק אין אַ געוויסער מאָס נקי=כפים'ניקעם. ווי ס'איז בעקאַנט, איז די אַדמיניסטראַציע אין מיטעל=אלטער אויך ניט געווען גאָר קיין ווייכע און פון טיפע ליעבע צו אידען איז זי גאַנץ ווייט געווען, דאָך האָבען זיך אידען מאַסען=ווייז בעזעצט אין פיעלע שטעדט פון ליטא און פוילין, פערשטעהט זיך נור דאָרטען, וואו מען האָט זיך אין זיי גענויטיגט, נור דאַן, ווען זיי זענען געווען די איינציגע פאָרשטעהער פון געוויסע עקאָנאָמישע פונקציאָנען. די אינערע רוסישע גובערניעס האָבען זיך אין אידען ניט גענויטיגט און דערום האָט דאָס געזעץ ניט געהאָלפען, ווי ס'העלפען יעצט ניט די ערלויבענישען צו בעזעצען זיך אין די אָדער יענע דערפער. אין אלע אינערע גובערניעס איז פאַרהאַן סך=הכל שוין מיט קורלאַנד, וועלכע איז ביז'ן 1829=טען יאָהר געווען גערעכענט צו דער טשערטאַ און האָט יעצט 49,000 אידען, סך=הכל 207,000 אידען, און ווי אין די בלעטער האָט מען געשריבען, האָבען זיך פאַר אַ גאַנץ יאָהר בעזעצט ביז 9 משפחות אין אלע 101 דאָרף, וואו מען האָט ערלויבט אידען וואָהנען. ווער ס'געדענקט נאָך די שרעקליכע בילדער פון דער ערשטער צייט פון דער עמיגראַציע קיין אַמעריקאַ, ווער ס'האָט נור איבערגעלעבט דאָס אָבפאָרען פון איין פאָטער פון אַ משפחה פון אַ אידיש שטעדטיל, וועלכער פלעגט זיך מיט'ן עמיגראַנט אָבגעזעגענען, ווי פאַר'ן טוידט, ווען בעגלייטען פלעגען איהם מיט טרערען כמעט אַלע איינוואהנער: יונג און אַלט, מאַן און פרוי — דער וועט פערשטעהען, אַז ביי דער לייכטסטער מעגליכקייט, ביי די ערגסטע ליידען פון דער אַדמיניסטראַציע, וואָלט אַ רוסישער איד אין די 70=ער און 80=ער יאָהרען גערעכענט פאַר זיך פאַר אַ אונגעהויערען גליק זיך צו בעזעצען אין אַ וועלכע ס'ניט איז רוסישע שטאָדט. ס'ווייזט אויס, אַז ס'זענען געווען פיעל טיפערע אורזאַכען, וועלכע האָבען געטריבען דעם אידען מעבר לים און ניט אין די מיט=אונגעדולד אויף די אידען וואַרטענדע סאַמאַראַ'ס און סאַראַטאָוו'ס. אויף וויפיעל די אינערע גובערניעס וואָלטען געקאָנט צונעמען דעם מיליאָן אידען, וועלכע האָבען פאַר די לעצטע 25 יאָהר עמיגרירט קיין אַמעריקא, וועלען מיר נאָך ווייטער שמועסען. מיר האָבען געוואָלט דערווייל נור ערקלערען די היסטאָרישע אורזאַכען פון דער געענדערטער ריכטונג פונ'ם אידישען עמיגראַציאָנס=שטראָם. און די רעזולטאַטען פון דיזער געענדערטער ריכטונג זענען זעהר וויכטיגע. אין מיטעל=אלטער, ווען די יודען זענען אָנגעקומען אין וועלכעס ס'איז לאַנד, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, פוילין, זענען זיי געשטאַנען ניט נור אויף אַ העכערע קולטורעלע ענטוויקלונגס=שטופע, נור, וואָס פיעל וויכטיגער איז, אויף אַ העכערע ווירטשאַפטליך=טעכנישע מדרגה — און דאָס האָט זיי געשאַפען אומעטום, אַלענפאַלס אין דער ערשטער צייט, אַ עקאָנאָמיש=פּריווילעגירטע לאַגע. אמת, דיזע עקאָנאָמיש=פּריווילעגירטע לאַגע איז ניט געווען אויף אזוי פיעל פעסט, אום די אידען, אָבוואָהל אַ איינגעוואַנדערטע מינדערהייט, זאָלען קענען פער=

כאַפּען די פּאָליטישע מאַכט אין זייערע הענד און ווערען די הערשער איבער'ן לאַנד. דער גוטער עקאָנאָמישער צושטאַנד איז אָבער תּמיד געווען אויף אַזוי פיעל שטאַרק, אום צו בעשאַפֿען אַ איליוזיע פֿון אַ שטענדיגע היימאַט, אום ניט צו לאָזען די עמיגראַציאָנס=פֿראַגע צו אַרויסווייזען איהר אמת'ן שטענדיגען היסטאָרישען כאַראַקטער און די נויטווענדיגקייט איין מאָל צו געבען אויף איהר אַ ערלעזענדען ענטפֿער. ניט=האָבענדיג קיינע פּאָליטישע אָדער אַנדערע אַרט מיטלען צו בעשיצען די פֿערנומענע עקאָנאָמישע פּאָזיציאָנען, האָבען די אידען תּמיד געמוזט זיך נעמען פֿאַר'ן וואַנדער=שטאָק, ווי באַלד זיי זענען נור עקאָנאָמיש ניט נויטיג געוואָרען; אין דער צייט, ווען זיי זענען שוין אין גאַנצען איבעריג געווען אין דער געזעלשאַפֿט און האָבען געשאַפֿט אַ געפֿערליכען קאָנקורירענדען עלעמענט, דאַן זענען פֿאָרגעקומען די בעוואוסטע שרעקליכע פֿערפֿאָלגונגען, פֿון וועלכע עס האַפֿט נאָך יעצט אָן אַ ציטער. עמיגרירט האָבען אויך תּמיד ניט אַלע אידען, ווייל נאָר די רייכע האָט מען געדולדעט מעהר, אין זיי האָט מען נאָך געפֿיהלט אויב ניט קיין נויטווענדיגקייט, דאָך געוויסע נוצען. גאָר אַנדערש קומט פֿאָר אין אונזער צייט. — עמיגרירענדיג אין אַ ענטוויקעלטעס לאַנד, מוזען די אידען פֿערנעמען פֿון דער לכתּחילה אָן אַ אָרט אין די נידריגערע פּראָדוקציאָנס=פֿאָרמען, זיי פֿאַלען פֿון אָנהויב אָן אַריין אין די אָבגעשטאַנענע פּראָדוקציאָנס=צווייגען, פֿיהלען פֿון אָנהויב אָן זייער אויסנאַמס=לאַגע און שאַפֿען פֿון דער ערשטער צייט אָן שוין קאַדרען פֿאַר דער מיט פֿיבער ערוואַרטעטע ווייטערדיגע עמיגראַציאָן. דיזער לעצטער פֿאַל האָט אַ גרויסע בעדייטונג פֿאַר דער לעזונג פֿון דער אידישער פֿראַגע, וועלכע שטריכעלט ריכטיג אונטער דיזער פֿון אונז געשילדערטער כאַראַקטער פֿון דער אידישער מאָדערנער עמיגראַציאָן.

מיר קעהרען זיך אום צו אונזער פֿראַגע — וועגען דער לאַגע פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד. ס'ווערט איבערגעחזר'ט אויף די פֿערשידענסטע אופנים אין דער ליטעראַטור פֿון פֿערשידענסטע שטרעבונגען אין אידישען פֿאָלק, און אין דער צאָהל אויך אין דער בונדיסטישער, אַז די אינערע רוסישע גובערניען וואַרטען ערשט מיט זייער ענטוויקלונג אויפ'ן אידישען האַנדעלס=געני און האַנדווערקעריי=פֿעהיגקייטען און מען מאַכט דערפֿון צוויי פּראַקטישע פֿאָלגען: ערשטענס, ווייל מען די אָרימקייט זאָל ווערען קלענער אין די אינערע גובערניען, זאָל מען וואָס גיכער אַריבערפֿעקלען אַהינצו אַ פּאָרציאָן אידלאַך, טרעגער פֿון סעמיטישען האַנדעלס=אינסטינקט — דאָס איז וואָס איז שייך צו הומאַניטעט! צווייטענס, און דאָ רעדט מען שוין וועגען ערד=אינטערעסען, די קאָנקורענץ אין דער טשערטאַ וועט ווערען שוואַכער, דער בעל=מלכה מיט'ן קליין=קרעמעריל וועלען האָבען ברויט בכבוד — און דער אידישער אַרבייטער, אַלס מעהר ענטוויקעלטער און ערפֿאַרענער, וועט געפֿינען אַרבייט אויף דער פֿאַבריק לרוב אי דאָ אי דאָרטען — מיט איין וואָרט, אי דעם גוי אַ טובה געטהון, אי אַליין הנאה געהאַט. מיר האָבען שוין אָנגעוויזען, ווי פֿערשידען ס'איז פֿאָרגעקומען די

ענטוויקלונג פון לענדער אין מיטעל=אלטער און אין 19=טען יאהר=הונדערט. מיר האבען אויך ארויסגעזאגט די מיינונג, אז רוסלאנד נויטיגט זיך ניט אין ארבייטס=קראפט, נאר אין קאפיטאל און מאדערנע טעכניק. מיר וועלען נאך נידעריגער זיך ספעציעל אבשטעלען אויף דער שרעקליכער קאנקורענץ פון ארבייטס=קראפט, וועלכע עקזיסטירט אין גאנץ רוסלאנד, בעזאנדערס אין די אינערע גובערניעס. מיר מיינען אבער, אז די גאנצע לעגענדע, אז די אינערע גובערניעס פון רוסלאנד זענען אבגעשטאנען פון דער טשערטא, איז מעהר ניט ווי א מיספערשטענדניס. אי דער האנדעל, אי די אינדוסטריע שטעהען אין די אינערע גובערניעס אויף אסך א העכערע שטופע, זענען פון אסך א העכערען טיפ, אלס אין דער טשערטא. די ענטוויקלונג פונ'ם האנדעל און דער אינדוסטריע געהט אין די אינערע גובערניעס פיעל שטארקער און שנעלער, אלס אין דער טשערטא. די טאבעלען № 1 און № 2 ווייזען אונז דעם צושטאנד פונ'ם האנדעל און אינדוסטריע אין 1889 יאהר אין דער טשערטא. און וואס זעהען מיר פון דיזע ציפערן? די דורכשניטליכע סומע פון די אויסגעארבייטע פראדוקטען פון איין פאבריק אין די אינערע גובערניען בעטרעפט 45,538 רובל, אין דער טשערטא 38,277 רובל, כמעט אויף גאנצע 20 פראצ. וועניגער. די דורכשניטליכע צאהל ארבייטער אויף יעדער פאבריק איז אין די אינערע גובערניען 47, אין דער טשערטא נאר 18, כמעט 3 מאהל וועניגער, ד. ה. אז יעדער פאבריק אין דער טשערטא איז געווען כמעט 3 מאהל קלענער, אלס אין די אינערע גובערניען. די סומע געלד, וואס יעדע האנדעלס-אונטערנעמונג מאכט אויס אין א יאהר, איז אין די אינערע גובערניען — 62,984 רובל און אין דער טשערטא 49.130 רובל, וועניגער מעהר ווי אויף 20 פראצ. אויף יעדע 10,000 נפשות קומט אויס אין די אינערע גובערניען 14,6 האנדעלס=אונטערנעמונגען און אין דער טשערטא 10,3. דער האנדעל איז ניט נאר פון גרעסערען מאסשטאב, פון גרעסערע אבאראטען, נאר ער איז אויך ענטוויקעלט אין א גרעסערער צאהל, ס'גיבען מעהרער האנדעלס=לייט, אלס אין דער טשערטא.

דיזע ציפערן צייגען, אז די רוסען וועלען שוין קיינמאהל ניט געניסען פון אונזער היסטארישער מיסיע. די אויבענדערמאהנטע ציפערן געהערען צום 1889=טען יאהר. אפשר האט זיך די לאגע געביטען פאר די לעצטע יאהרען? די ציפערן פון 1897=טען יאהר בעשטעטיגען אבער דאס פארגעשטעלטע בילד. מיר נעמען די טאבעלען № 3 און № 4 וועגען דעם אינדוסטריע=צושטאנד אין די אינערע גובערניען און אין דער טשערטא אין 1897 יאהר*). די

1) בעמערקונג: מיר האבען זיך בענוצט ביים צוזאמענשטעלען פון די טאבעלען נאר מיט די ערשטע צוויי אבטיילונגען פונ'ם „סוואד דאנניך א. ז. וו." אין דער דריטער אבטיילונג ווערען געבראכט איניגע ציפערן וועגען פראדוקציאנס-צווייגען, „אויף וויפיעל די לעצטע זענען ניט אריין אין אבטיילונג 2; „זיי זענען אבער אויף אזוי פיעל קליין און אונבעדייטענד, אז זיי קענען ניט האבען קיין ווירקונג אויף די ענדליכע אויספיהרונגען, ביי וועלכע ס'זענען וויכטיג ניט די אבסאלוטע ציפערן, נאר די פערהעלטניסען, אויף וועלכע זיי ווייזען אן.

דורכשניטליכע סומע פֿון די פּראָדוקטען, וואָס יעדע פֿאַבריק אַרבייט אויס אין דער טשערטאַ, בעטרעפֿט 46,763, אין די אינערע גובערניען — 81,977 ד. ה. כמעט 2 מאָהל מעהר. די צאָהל אַרבייטער אויף יעדער פֿאַבריק איז געווען אין דער טשערטאַ 30 און אין די אינערע גובערניען 73, 2 מיט אַ האַלבען מאָהל מעהר. אינטערעסאַנט איז אויך די אינטענסיווהייט פֿון דער ענטוויקלונג דאָ און דאָרט. אין דער טשערטאַ איז די סומע פֿון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען פֿערגרעסערט געוואָרען פֿון 38,277 רובל ביז 46,763 ד. ה. אויף 22 פּראָצ., אין די אינערע גובערניען פֿון 45,538 רובל ביז 81,977, מעהר ווי אויף 80 פּראָצ. דער צוואוקס איז 4 מאָהל גרעסער, אַלס אין דער טשערטאַ. די צאָהל אַרבייטער אויף יעדער פֿאַבריק אין דער טשערטאַ איז געווען אין 1889 יאָהר—18 און אין 1897 יאָהר 30, פֿערגרעסערט זיך מעהר ווי אויף 65 פּראָצ.; אין די אינערע גובערניען האָט זיך די צאָהל פֿערגרעסערט פֿון 47 ביז 73, נאָר אויף עטוואָס מעהר אַלס 55 פּראָצ. ד. ה. אַז די פֿערגרעסערטע אויף 80 פּראָצ. פּראָדוקציאָן האָט געפֿאָדערט אַ פֿערגרעסערונג אין דער אַרבייטער=צאָהל נאָר אויף 55 פּראָצ., ווייל די מאַשין האָט דאָרט זיך שטאַרק פֿערשפּרייט. וואַרפֿען מיר אַראָב די גרובען=פּראָדוקציאָן, וואו עס איז ניטאָ אַפֿילו איין אידישער אַרבייטער, דאַן ווערט דער אונטערשיד צווישען דעם צושטאַנד פֿון די פּראָדוקציאָנען אין דער טשערטאַ, וואו אידען זיינען פֿערנומען, און די זעלבע אויסער דער טשערטאַ, זיין אַסך גרעסער. אָהן די גרובען=פּראָדוקציאָנען איז די דורכשניטליכע סומע פֿון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען אויף איין פֿאַבריק אין דער טשערטאַ געווען נאָר 35,087 רובל און אין די אינערע גובערניען — 83,941, ד. ה. שוין כמעט 2 מיט אַ האַלבען מאָהל מעהר. די צאָהל אַרבייטער אויף יעדער פֿאַבריק אין דער טשערטאַ 22,89 און אין די צענטראַלע גובערניען — 63,23, שוין כמעט גאַנצע 3 מאָהל מעהר.

פֿערשטעהט זיך, אַז דיזע טאַבעלען שטעלען אונז פֿאַר נאָר אַלגעמיינע שטריכען פֿון דעם בילד. מיר האָבען פֿון די געבראַכטע טאַבעלען נאָר געזעהען, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז אין די אינערע גובערניען מעהר ענטוויקעלט, ווי אין טשערטאַ, די קאָנצענטראַציע פֿון קאַפּיטאַל און אַרבייט האָט דאָרט געמאַכט גרעסערע פֿאָרטשריט, דער סאָציאַלער באָדען פֿאַר אַ ברייטען קלאַסען=קאַמפּף איז אין די אינערע גובערניען רייפֿער, די אַרבייטס=קראַפֿט איז אין טעכנישען זין אָרגאַניזירטער — מיט איין וואָרט, דער אידישער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז פֿערנומען אין דער פּראָדוקציאָן פֿון דער טשערטאַ, מוז בעזיצען אַ קלענערע סאָציאַלע און פּאָליטישע מאַכט, אַלס דער רוסישער, וועלכער איז פֿערנומען אין דער פּראָדוקציאָן אין די אינערע גובערניען.

מיר רעכענען, אַז מיר האָבען אָבער נאָך רעכט צומאַכען נאָך איין פּועל=יוצא פֿון דעם אַלעם, וואָס מיר האָבען ביז יעצט געזאָגט, — און דיזער לעצטער איז אין פּראַקטישען זין נאָך פֿיעל וויכטיגער: די טאַבעלען ווייזען

אונז, אַז די נאַציאָנאַלע אַרבייטס־קראַפֿט איז שוין אויף אַזוי פֿיעל אָרגאַניזירט אין אַלע פּראָדוקציאָנס־צווייגען אין די אינערע גובערניען, אַז יעדער פֿרעמ־דער אַרבייטס־קראַפֿט וועט זיין שווער אַריינדרינגען אַהין, שוין ניט רעדענדיג דערפֿון, אַז יעדע עמיגראַציע אין די אינערע גובערניען איז איבעהויפּט אונ־מעגליך, ווי מיר וועלען זעהען ווייטער.

דער אַנטייל פֿון דער אידישער אַרבייטס־קראַפֿט אין דער פֿאַבריק־פּראָ־דוקציאָן איז אָבער ניט גלייך אין אַלע ראַיאָנען פֿון דער טשערטאַ, און דאָ קענען מיר שוין צוגעהן נאָהנטער צו דער לאַגע פֿון דעם אידישען פּראָלע־טאַריאַט. ווי מיר וועלען זעהן פֿון די ווייטערדיגע טאַבעלען, איז די אידישע אַרבייטס־קראַפֿט פֿאָרגעשטעלט אין פֿערשידענע געגענדען אין פֿערשידענע פּראָצענטען; אין צפֿון־מערב ראַיאָן 43 פּראָצ. פֿון דער גאַנצער אַרבייטס־קראַפֿט; אין דרום מערב־ראַיאָן — 8,81 פּראָצ. פֿון דער גאנצער אַרבייטס־קראַפֿט און אין דרום־ראַיאָן—2,75. דער לעצטער פּראָצענט וועט עטוואָס פֿערגרעסערט ווערען, ווען מיר וועלען צוגעבען חערסאָנער גובערניע, וועלכע איז ניט אַריין אין חשבון. אין דער גאַנצער טשערטאַ בילדעט די אידישע פֿאַבריק־אַרבייטס־קראַפֿט 14,4 פֿון דער גאַנצער אַרבייטס־קראַפֿט. מיר זעהען אַלזאָ, אַז דער אַנטייל פֿון דער אידישער פֿאַבריק־אַרבייטס־קראַפֿט פֿערקלענערט זיך אַלץ מעהר, וואָס נאָהנטער מיר קומען צו דרום; ווי מיר וועלען זעהען פֿון די פֿאָל־גענדע טאַבעלען, בעדייטעט דאָס, אַז וואָס נעהענטער מיר קומען צום ראַיאָן, וואו די פּראָדוקציאָן איז גרויס־קאַפּיטאַליסטיש קאָנצענטרירט, בענוצט אַם מערסטען די מאַשין, — אַלץ קלענער איז דער אַנטייל פֿון דער אידישער אַרבייטס־קראַפֿט. נעהמען מיר די טאַבעלע № 5 און פֿערגלייכען דעם אַנטייל פֿון אידישער אַרבייטס־קראַפֿט אין פֿערשידענע ראַיאָנען מיט דעם צושטאַנד פֿון דער פּראָדוקציאָן אין דיזע ראַיאָנען, און מיר וועלען בעקומען אַ גאַנץ אינ־טערעסאַנטעס בילד.

| | אידישע אַרבייטס־קראַפֿט. | די סומע פֿון די אויס־געאַרבייטע פּראָדוקטען פֿון יעדער פֿאַבריק. | די צאָהל אַרבייטער אויף יעדער פֿאַבריק. |
|---|---|---|---|
| צפֿון־מערב . . . | 43 פּראָצ. | 17.791. | 17,2 |
| דרום־מערב . . . | 8,81 " | 46.599. | 31,43 |
| דרום . . . . | 2,75 " | 76.142. | 42,14 |

אין צפון־מערב־ראַיאָן, וואו די אידישע אַרבייטס־קראַפֿט בילדעט גאַנצע 43 פּראָצ. פֿון דער גאַנצער אַרבייטס־קראַפֿט, בעטרעפֿט די דורכשניטליכע סומע פֿון די אויסגעאַרבייטע אויף איין פֿאַבריק פּראָדוקטען נאָר 17.791 רובל און אַרבייטער אויף יעדער פֿאַבריק נאָר 17,2; אין דרום־מערב־ראַיאָן בייט זיך שוין דאָס בילד: די אידישע אַרבייטס־קראַפֿט איז 5 מאָהל וועניגער, 8,81 פּראָצ., די

סומע אויסגעארבייטע פראָדוקטען אויף איין פאַבריק דערגרייכט שוין אָבער ביז 46.599 רובל, כמעט 3 מאָהל מעהר, אַלס אין ערשטען ראַיאָן, און די צאָהל אַרבייטער אויף יעדער פאַבריק איז 31,43, כמעט צוויי מאָהל מעהר, אַלס דאָרטען. אין דרום ראַיאָן איז די פערהעלטניס נאָך שטאַרקער בולט: אידישע אַרבייטס-קראַפט סך-הכל 2,75 פראָצ., אויסגעאַרבייטע פראָדוקטען—74.142 רובל, כמעט גאַנצע 5 מאָהל מעהר, אַלס אין ערשטען; און די צאָהל אַרבייטער 42,14— צוויי מיט אַהאַלבען מאָהל מעהר, אַלס אין ערשטען.

די פאָלגענדע טאַבעלע № 6, וועלכע ווייזט אונז דעם צושטאַנד פון דער פראָדוקציאָן אין פערשידענע ראַיאָנען פון דער טשערטאַ פאַר 1889 יאָהר, בעשטעטיגט דאָס זעלבע.

מיר זעהען דאָ ווידער, אַז אין צפון-מערב-ראַיאָן איז די סומע אויסגעאַרבייטע פראָדוקטען אויף יעדער פאַבריק 16.720 רובל, אין דרום-מערב-ראַיאָן 47.984 ר. און אין דרום-ראַיאָן 54.423 רובל., די צאָהל אַרבייטער אויף יעדער פאַבריק איז אין ערשטען ראַיאָן 15, אין צווייטען — 16 און אין דריטען — 23.

פערגלייכען מיר דעם וואוקס פאַר די 8 יאָהר, פון 1889 יאָהר ביז 1897, פון דער פאַבריקאַציאָן אין צפון-מערב-ראַיאָן, וואו די אידישע אַרבייטס-קראַפט בילדעט כמעט אַהעלפט, מיט דעם וואוקס פון דער זעלבער אין דרום, וואו די אידישע אַרבייטער בילדען אַ מיזערנע מינדערהייט, זעהען מיר ערשט, ווי קליין און אונבעדייטענד איז די ענטוויקלונג פון דער ערשטער און ווי שטאַרק און שנעל די לעצטע פראָגרעסירט.

| אידישע אַרבייטס-קראַפט. | | די סומע פון די אויסגעאַרבייטע פראָדוקטען פון איין פאַבריק. | | | די צאָהל אַרבייטער אויף איין פאַבריק. | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | 1889 | 1897 | צוזואוקס. | 1889 | 1897 | צוזואוקס. |
| צפון-מערב. | 43 פר. | 16.720 | 17.791 | 6 פר. | 15,01 | 17,2 | 14 פר. |
| דרום , , | 2,75 . | 54.423 | 76.142 | 40 . | 23,36 | 42,14 | 82 . |

מיר זעהען אַלזאָ, אַז דער וואוקס אין די צוויי ראַיאָנען איז אַזוי פערשידען, אַז מען קאָן די ציפערן גאָר ניט פערגלייכען. פון 6 פראָצ. אין דעם ראַיאָן, וואו די אידישע אַרבייטער זענען פערנומען אין אַ גאַנצער העלפט פון דער פראָדוקציאָן, וואַכסט די סומע פון די אויסגעאַרבייטעטע פראָדוקטען אויף יעדער פאַבריק אין דעם דרום ראַיאָן, וואו די אידישע אַרבייטער בילדען אַ אונבעדייטענדע מינדערהייט, אויף 40 פראָצ. דאָס זעלבע ביי דעם וואוקס פון דעם צאָהל אַרבייטער אויף יעדער פאַבריק: 14 פראָצ. אין צפון-מערב ראַיאָן און אין דרום — 82 פראָצ., 6 מאָהל מעהר.

דיִזע אַלע ציִפֿערן, אָבוואָהל זײַ זענען פֿון אַלגעמײַנעם כֿאַראַקטער, ווייל זײַ ווייזען אונז נאָךְ ניִט די איִנערע פֿערהעלטניִסען, די פֿערהעלטניִסען צוויִשען איִדיִשער און אַלגעמײַנער אַרבײַטס-קראַפֿט איִן אײַנעם און דעם זעלבען ראַיאָן, דאָךְ זענען זײַ, נאָךְ אונזער מײַנונג, זעהר איִנטערעסאַנט און לערנען אונז זעהר פֿיִל צו פֿערשטעהן, ווי שטאַרק פֿערשיִדען איִז די לאַגע פֿון איִדיִשען פּראָלעטאַריאַט פֿונ'ם אַלגעמײַנעם איִן דער טשערטאַ זעלבסט, וואו ער קומט שוין מיִט איִהם איִן ענגערע און נאָהענטערע בעציִהונגען.

פֿון די איבֿענגעבראַכֿטע טאַבעלען קען מען לייכֿט מאַכֿען פֿאָלגענדען פּועל-יוצא: ביִז די פּראָדוקציאָן בלײַבט בײַ דער מאַנופֿאַקטור-סטאַדיע, וואו עס פֿאָדערט זיִךְ מעהר האַנד-ווערקעריי-אַרבײַט, ווערט די פֿויערשע מאַסע ניִט אַזוי שנעל אַרײַנגעצויגען איִן די שטעדט, און דער איִדיִשער אַרבײַטער געפֿיִנט אַ בעדייטענדעם אָרט איִן דיִזע מאַנופֿאַקטור-פֿאַבריִקען; ווי באַלד די פּראָדוקציאָן נעהמט אָן גרויסע מאַסשטאַבען, זי איִנדוסטריאַליִזיִרט זיִךְ, געהט איִבער צו דער מאַשיִן, אָדער זי הויבט אָן איִהר ענטוויִקלונג גלייךְ פֿון דער מאַשיִן, ווי דאָס קומט פֿאָר איִן פֿיִלע פּראָדוקציאָנס-צווייגען איִן דרום-רוסלאַנד — דאָרטען ווערען די פֿויערשע מאַסען לייכֿט אַרײַנגעצויגען איִן די שטעדט, פֿערנעהמען דאָס הערשענדע אָרט איִן דיִזער גרויס-פּראָדוקציאָן, און דער איִדיִשער אַרבײַטער געפֿיִנט אַם וועניִגסטען אַרבײַט איִן דיִזע ענטוויִקעלטע, אָדער פֿון אָנהויב-אָן גרויס-קאַפּיטאַליִסטיִש אָרגאַניִזיִרטע אונטערנעמונגען. דיִזער מײַנונג אונזערער ווערט בעשטעטיִגט דורךְ טאַבעלע № 7, וואו מיִר קענען זעהן די פֿערהעלטניִסען צוויִשען איִדען און קריִסטען איִן די שטעדט איִן פֿערשיִדענע ראַיאָנען איִן יאָהר 1897. איִן צפֿון-מערב-ראַיאָן, וואו די פּראָדוקציאָן טראָגט נאָךְ מערסטענטײַלס אַ מאַנופֿאַקטור-כֿאַראַקטער, בילדען די איִדען איִן די שטעדט 57,9 פּראָצ. פֿון דער גאַנצער שטאָדטיִשער בעפֿעלקערונג, איִן דרום-מערב נור 38,8 פּראָצ. און איִן דרום-ראַיאָן נאָר 26,3 פּראָצ. וואָס שטאַרקער די פּראָדוקציאָן איִז ענטוויִקעלט, אַלץ גרעסער איִז דאָרט די קריִסטליִכֿע בעפֿעלקערונג און אַלץ אַ קלענערען פּראָצענט בילדען דאָרט די איִדען.

איִן דער גאַנצער טשערטאַ צוזאַמען גענומען בילדען די איִדען 40,9 פּראָצ. פֿון דער גאַנצער שטאָדטיִשער בעפֿעלקערונג. איִן די פֿאַבריִקען זענען זײַ פֿערנומען, ווי מיִר האָבען שוין בעמערקט, נאָר 14,4 פּראָצ., ד. ה. דריי מאָל וועניִגער. גראַדע איִן דער טשערטאַ איִז כמעט ניִטאָ קיין דערפֿער, וועלכֿע זאָלען קענען גערעכֿענט ווערען פֿאַר פֿאַבריִק-צענטרען, ווי דאָס גיִעבט איִן צענטער פֿון רוסלאַנד, און מיִר קענען פֿעסט זאָגען, אַז די הויפּט-צאָהל פֿאַבריִקען איִז איִן די שטעדט. אַלזאָ, נאָךְ דעם צושטאַנד, אויף וועלכֿען די פּראָדוקציאָן שטעהט אפילו נאָר איִן דער טשערטאַ, וואָלטען אויִךְ בעדאַרפֿט זיין, אָדער, בונדיִסטיִש גערעדט, עס פֿאָדערט זיִךְ, ניִט 75,000 איִן דער גאַנצער טשערטאַ מיִט פּויליִן, נאָר דריי מאָהל מעהר איידער ס'איִז וויִרקליִךְ דאָ: 150,000 — נור איִן די 15 גובערניִעם חוץ פּוילען.

## V.

נאָהענטער קענען מיר צוגעהן צו דער פֿראַגע וועגען דער לאַגע פֿון אידישען אַרבייטער, ווען מיר ווילען זיך צוקוקען צו די פּראָדוקציאָנס=צווייגען, אין וועלכע ער איז מערסטענטיילס פֿערנומען און צו דער ענטוויקלונגס=שטופֿע פֿון די זעלבע צווייגען אין דער טשערטאַ און אין צענטראַל=רוסלאַנד.

טאַבעלע № 8 צייגט אונז ערשטענס דעם אַנטייל פֿון די אידישע אַרבייטער אין פֿערשידענע פּראָדוקציאָנס=צווייגען אין דער גאַנצער טשערטאַ, און צווייטענס דיזען אַנטייל אין פֿערשידענע ראַיאָנען פֿון דער טשערטאַ. לאָמיר נור אַ קוק געבען אויפֿ'ן צושטאַנד פֿון פֿערשידענע פּראָדוקציאָנס=צווייגען אין דער טשערטאַ און אין צענטראַלער רוסלאַנד.

דער צושטאַנד איז פֿאָרגעשטעלט אין די טאַבעלען № IX און № X *). דערביי האָבען מיר דיזע טאַבעלען צוזאַמענגעשטעלט אין סדר פֿון דעם אַנטיילנעמען פֿון די אידישע אַרבייטער אין דעם אָדער יענעם פּראָדוקציאָנס=צווייג. יעצט לאָמיר געגענאַנדערשטעלען די ענטוויקלונגס=שטופֿע פֿון יעדער פּראָדוקציאָנס=צווייג מיט דעם אַנטייל פֿון אידישער אַרבייט אין איהם—און מיר ווילען בעקומען פֿאָלגענדע אויספֿיהרונגען: זעה טאַבעלע № 10 a.

וואָס לערנט אונז דיזע טאַבעלע? וואָס עס וואַרפֿט זיך גלייך אין די אויגען, איז פֿאָלגענדעס: פֿון אַלע 9 פּראָדוקציאָנס=צווייגען איז דאָ נור איינער (גרובען), וועלכער איז שטאַרקער ענטוויקעלט אין דער טשערטאַ, אַלס אין צענטראַל=רוסלאַנד. די איבריגע אַכט זענען אַלע שטאַרקער ענטוויקעלט אין צענטראַל=רוסלאַנד און אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס: פֿון 12 פּראָצ. אין האָלץ=פּראָדוקציאָנען ביז העכער 600 פּראָצ. אין וואָל=פּראָדוקטען. אין די גרובען=פּראָדוקציאָנען אָבער, אין דעם איינציגען פּראָדוקציאָנס=צווייג, וועלכער איז שטאַרקער ענטוויקעלט אין דער טשערטאַ, אַלס אין צענטראַל=רוסלאַנד און גאַנץ בעדייטענד, איז ניטאָ איין אידישער אַרבייטער.

יעצט ווילען מיר אַריבערגעהן צו אַ דייטליכערען ערקלערען פֿון דיזער טאַבעלע. צום ערשטען זעהען מיר, אַז וואָס נאָהענטער מיר קומען צו די ענטוויקעלטסטע פּראָדוקציאָנס=צווייגען, אַלס קלענער ווערט דער אַנטייל פֿון די אידישע אַרבייטער אין זיי. נעמען מיר די פּראָדוקציאָנס=צווייגען, וואו די דורכשניטליכע סומע פֿון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען אויף יעדער פֿאַבריק איז העכער אַלס 50,000 און די צאָהל אַרבייטער איז מעהר פֿון 60, מעטאַל=און פּאַפּיר=בעאַרבייטונג—געפֿינען מיר אין זיי סך=הכל 11 פּראָצ. פֿון אידישע אַרבייטער. די איבריגע 89 פּראָצ. פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט זענען אַלע פֿערנומען אין די פּראָדוקציאָנס=צווייגען פֿון נידריגער ענטוויקלונג. פֿערקעהרט, אין די פּראָדוקציאָנס=צווייגען, וואָס אַרבייטען אוים דורכשניטליך ווייניגער פֿון 25,000 רובל יעהרליך און וואו עס גיבט ווייניגער אַלס 20 אַרבייטער אויף יעדער פֿאַבריק, פּראָדוקציאָנס=

*) צוזאַמענגעשטעלט נאָך: Сводъ данныхъ и т. д.

צווייגען, וואָס שטעהען נאָך אויף אַ גאַנץ נידריגער שטופֿע—מינעראַל=און שפּייז פּראָדוקטען—זענען פֿערנומען גאַנצע 25 פּראָצ. פֿון אַלע אידישע אַרביַיטער, אַ פֿערטעל פֿונ׳ם גאַנצען אידישען פֿאַבריק=פּראָלעטאַריאַט. מעהר ווי 45 פּראָצ. פֿון אַלע אידישע אַרביַיטער זענען פֿערנומען אין די פּראָדוקציאָנס=צווייגען, וועלכע אַרביַיטען אויס יעהרליך פֿון 25.000 ביז 30,000 רוב. און וואו אויף יעדער פֿאַבריק גיבּט עס פֿון 7,43 אַרביַיטער (30,37 פּראָצ.) ביז 27 (15,20 פּראָצ.).

סך הכל 18,62 פּראָצ. פֿון די אידישע אַרביַיטער זענען פֿערנומען אין פּראָדוקציאָנס=צווייגען, וואָס אַרביַיטען אויס מעהר פֿון 30,000 רובל יעהרליך. ווייטער וועלען מיר נאָך זעהן, אַז אפֿילו אין די צווייגען זענען אויך די אידישע אַרביַיטער בעשעפֿטיגט אין די קלענסטע פֿאַבריקען; די גרויסע פֿאַבריק איז בעהערשט פֿון דעם קריסטליכען אַרביַיטער, איַינערליַי אויב דער פֿאַבריקאַנט איז אַ קריסט אָדער אַ איד.

אין דער רובריק פֿון שפּייז=פּראָדוקטען זענען שוין אַריינגערעכענט אויך טאַבאַק=פֿאַבריקען, איינע פֿון די עטליכע פּראָדוקציאָנס=צווייגען, וואו די אידישע אַרביַיטער בילדען העכער 90 פּראָצ.; ס׳איז דערום אינטערעסאַנט צו [illegible]גלייכען דעם צושטאַנד פֿון דיזע פּראָדוקציאָן אין צענטראַל=רוסלאַנד און אין דער טשערטאַ. טאַבעלע № 11 און № 12 ציַיגען אונז פֿאָלגענדעס: אין צענטראַל=רוסלאַנד אַרביַיט אויס יעדע טאַבאַק=פֿאַבריק יעהרליך 251,883 רוב. און אין דער טשערטאַ 45,649—מעהר אַלס 5 מאָהל וועניגער, די צאָהל אַרביַיטער אויף יעדער פֿאַבריק איז אין צענטראַל=רוסלאַנד 247 און אין דער טשערטאַ 81—3 מאָהל וועניגער. מיט איין וואָרט, אפֿילו דיזע עכט=אידישע פּראָדוקציאָן, וועלכע שניידט אונטער אַזוי פֿיעל יונגע לעבענס, שטעהט אויך אָב אין דער טשערטאַ, און די האָפֿנונג, אַז די אידישע קינדער וועלען ביי פּאָליטישער פֿרייהייט קענען געניסען פֿון שווינדזוכט אין די רוסישע גובערניעס איז אַ פֿאַלשע... דער אָרימער רוסישער פּויער האָט שוין ווייזט אויס אויך פֿערזוכט פֿון גליק פֿון אַרביַיטען אין טאַבאַק=פֿאַבריקען, און איהם אַרויסשטויפֿען וועט זיך ניט אַזוי לייכט איַינגעבען...

פֿיל אינטערעסאַנטער איז דאָס פֿערגלייכען פֿונ׳ם אַנטייל פֿון די אידישע אַרביַיטער אין פֿערשידענע ראַיאָנען אין פֿערשידענע פּראָדוקציאָנס=צווייגען מיט דעם צושטאַנד פֿון די לעצטע אין די זעלבע ראַיאָנען. די טאַבעלען פֿון № 9 און № 10 גיבען אונז מאַטעריאַל פֿיר פֿאָלגענדער אויספֿיהרונגס=טאַבעלע. זעה טאַבעלע № 10 b.

דער צושטאַנד פֿון דער פּראָדוקציאָן אין פֿערשידענע ראַיאָנען איז ניט גלייך, און ס׳איז לייכט צו בעמערקען, אַז וואָס גרעסער די פּראָדוקציאָן איז, אַלץ קלענער איז דער אַנטייל פֿון די אידישע אַרביַיטער אין איהר.

אין צפֿון=מערב ראַיאָן, וואו ס׳זענען פֿערנומען 67,18 פּראָצ. פֿון אַלע אידישע אַרביַיטער, אַרביַיט אויס יעדע פֿאַבריק נור 17427 רובל יעהרליך,

אין דרום־מערב ראַיאָן, וואו די סומע פֿון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען בעטרעפֿט שוין 46,439 רוב., כמעט 3 מאָהל מעהר, דאָרט געפֿינען מיר שוין אידישע אַרבייטער נאָר 27 פּראָצ.; אין דרום, וואו די פּראָדוקציאָן איז פֿון גאַנץ הויכען מאַסשטאַב — 76,539 רובל יעהרליך אַרבייט אויס יעדע פֿאַבריק, — דאָרט איז פֿאַראַן סך־הכל 5,72 פּראָצ. פֿון אַלע אידישע אַרבייטער.

דעם זעלבען אונטערשייד ווייזט די צאָהל אַרבייטער אויף יעדע פֿאַבריק. יעדע פֿון די לעצטע אין דרום־ראַיאָן האָט העכער 41 אַרבייטער און אין צפֿון־מערב ראַיאָן נור 15,90 אַרבייטער, כמעט 3 מאָהל וועניגער. מיר זעהען אַלזאָ, אַז אין דעם ראַיאָן, וואו ס'זענען פֿערנומען 67 פּראצ. פֿון אַלע אידישע אַרבייטער און וואו זיי בילדען כמעט אַ העלפֿט פֿון דער גאַנצער אַרבייטער מאַסע, איז די פּראָדוקציאָן 3 מאָל קלענער, די אַרבייט 3 מאָל וועניגער קאָנצענטרירט.

דאָס זעלבע ווייזט אונז יעדער פּראָדוקציאָנס־צווייג, בעזונדער גענומען. פֿון אַלע 9 אָנגערופֿענע פּראָדוקציאָנס־צווייגען איז פֿאַראַן נור צוויי, וועלכע זענען אין דרום־ראַיאָן וועניגער ענטוויקעלט, אַלס אין די איבריגע צוויי ראַיאָנען — די מינעראַל־און פּאַפּיר־פּראָדוקטען. דאָס זענען אָבער פּראָדוקציאָנס־צווייגען אין אַלגעמיינעם ניט קיין ברייטע און ניט קיין בעדייטענדע. די איבריגע זיבען זענען אַלע שטאַרקער ענטוויקעלט אין דרום ראַיאָן, אַלס אין די איבריגע צוויי, און דער אונטערשייד איז אַ גאַנץ גרויסער; פֿון צוויי מאָל גרעסער ביז גאַנצע 23 מאָל.

מיר רעכענען פֿאַר איבריג זיך דייטליכער אָבשטעלען אויף דיזער טאַבעלע, וויל זי רעדט אַליין פֿאַר זיך גאַנץ שאַרף און פּרושים זענען כמעט איבעריג. מיר וועלען זיך בעגרענצען נור מיט אייניגע בעמערקונגען וועגען שפּייז־און האָלץ־פּראָדוקטען, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך ביהם צו די אידישע אַרבייטער אַזעלכע צוויי פּראָדוקציאָנס־צווייגען, ווי טאַבאַק און שוועבעלאַך, וואו ס'זענען פֿערנומען כמעט נאָר דער אידישער אַרבייטער. נעמען מיר די שפּייז־פּראָדוקציאָנען, אָהן די, פֿאַר וועלכע מען צאָלט אַקציז, אָהן טאַבאַק, צוקער און בראַנפֿען, דאַן צייגט זי דאָס זעלבע בילד, וואָס מיר האָבען שוין פֿאָרגעשטעלט. אין ליטווישען ראַיאָן (צפֿון־מערב), וואו אידישע אַרבייטער זענען פֿערנומען כמעט ביז 5 טויזענד, זענען די פֿאַבריקען גאַנץ קליינע — זיי אַרבייטען אויס עטוואָס מעהר פֿון 9 טויזענד רובל יעהרליך און האָבען 4 אַרבייטער אויף יעדער פֿאַבריק; אין דרום־ראַיאָן, וואו ס'איז דאָ סך־הכל עטוואָס מעהר פֿון טויזענד אידישע אַרבייטער, איז די סומע פֿון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען 4 מאָל גרעסער, בעטרעפֿענדיג 38,080 רובל, און די צאָהל אַרבייטער איז 2 מאָהל גרעסער, דערגרייכענדיג ביז 9 אויף יעדער פֿאַבריק. נעמען מיר דעם זעלבען פּראָדוקציאָנס־צווייג מיט די, פֿאַר וועלכע מען צאָהלט אַקציז, דאַן זעהען מיר דעם זעלבען אונטערשייד. עס פֿערשטעהט זיך אַביסעל דער חלוק צווישען ליטווישען און דרום־מערב ראַיאָן,

און דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין לעצטען איז פֿאַראַן אַ סך צוקער־זאַוואָדען, וועלכֿע אַרבּייטען אויס גרויסע סומען און פֿערנעמען פֿיל אַרבּייטער. אידען, ווי מיר וועלען נאָך זעהן, וויי̆טער, זענען אויף די זאַוואָדען ניט פֿערנומען. דאָס זעלבע זעהען מיר אין דעם בּעטריבּ פֿון האָלץ־פּראָדוקטען, אין וועלכֿע ס'געהט אַריין בּיחס צו אידישע אַרבּייטער אויך די חעמישע פּראָדוקציאָן. אַלם אויסנאַהם ווייזט זיך נור אויס די גרויסע צאָהל אַרבּייטער אין צפֿון־מערב־ראַיאָן, אין דער חעמישער פּראָדוקציאָן, נאָר ס'גענוגט זיך צוקוקען צו די סומען, וועלכֿע אַרבּייט אויס איין פֿאַבּריק אין דיזען ראַיאָן, אום צו פֿערשטעהען, אַז דאָ האַנדעלט זיך ניט וועגען אַ פּראָדוקציאָן פֿון העכֿערען מאַסשטאַבּ. און ווירקליך, דאָרט זענען דאָ פֿיל שוועבּעלאַך־פֿאַבּריקען, וואו מערסטענטיילס אַרבּייטען קינדער און פֿרויען פֿאַר שרעקליך־קליינע פּרייזען, בּיי די שעדליכסטע און געפֿערליכסטע בּעדינגונגען. וועגען דיזען פּראָדוקציאָנס־צווייג וועט אונז נאָך אויסקומען צו רעדען.

אונז קומט אויס זעהר אָפֿט צו הערען פֿון אונזערע געגנער, אַז ניט נאָר אין דער קינפֿטיגער האַרמאָנישער געזעלשאַפֿט וועט ניט זיין קיין אונטערשייד צווישען די אַרבּייטער, וואָס זענען פֿערנומען אין דער גרויס־פּראָדוקציאָן און די, וועלכֿע אַרבּייטען אין די קליינע פֿינסטערע ווערקשטאַטען, נאָר אויך אין דעם יעצטיגען טאָג־טעגליכֿען עקאָנאָמישען און פּאָליטישען קאַמפּף, שטעהט ניט אָבּ דער לעצטער פֿון ערשטען און רייסט אַרויס בּיי דער בּורזשואַזיע די אַלע רעפֿאָרמען, וועלכֿע זענען נאָר מעגליך אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט. מיר וועלען זיך דערום אין קורצען אָבּשטעלען אויף דער פֿראַגע וועגען דעם ערפֿאָלגרייכֿען קאַמפּף, וועלכֿען עס פֿיהרט דער פּראָלעטאַריאַט פֿון דער גרויסער און קליינער פֿאַבּריק. אַנשטאָט סברות און אַלערליי שטימונגס־מיינונגען, וואָס הערשען אין דער אידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ליטעראַטור, וועלען מיר בּעסער זיך אָבּשטעלען אויף די ציפֿערען פֿון די שטרייקען פֿאַר די לעצטע 10 יאָהר אין רוסלאַנד. די צאָהל שטרייקען אין פֿערשידענע פּראָדוקציאָנען ווייזט אַם בּעסטען און קלאָרסטען, אין וועלכֿע פֿון זיי איז מעגליכֿער און לייכֿטער צו ערקעמפֿען בּעסערע אַרבּייטס־בּעדינגונגען.

וועגען שטרייקען אין רוסלאַנד האָבּען מיר *) דאַטען וועגען 18000 פֿאַבּריקען און זאַוואָדען מיט 1,700,000 אַרבּייטער. פֿאַר 10 יאָהר, פֿון 1894 בּיז 1904, האָבּען געשטרייקט 1765 פֿאַבּריקען ד. ה. דורכשניטליך יעדעס יאָהר — 176,5 פֿאַבּריקען מיט אין גאַנצען 431,254 אַרבּייטער, יעהרליך 43,125. די גרעסטע צאָהל שטרייקען זענען געווען אין די גרויסע פֿאַבּריקען; פֿון אַלע פֿאַבּריקען, וואָס האָבּען ווייניגער פֿון 20 אַרבּייטער, האָבּען געשטרייקט

*) וואַרזאַר: סטאַטיסטישע דאַטען וועגען שטרייקען פֿון אַרבּייטער אויף פֿאַבּריקען און זאַוואָדען.

סך־הכל 2,7 פראָצ.; פון די פאַבריקען, וועלכע האָבען פון 50 ביז 100 אַרבייטער, האָבען געשטרייקט 9,4 פראָצ.; פון די, וואָס האָבען פון 100 ביז 1000 אַרבייטער, האָבען געשטרייקט גאַנצע 49 פראָצ. — 15 מאָל מעהר, אַלס די ערשטע און 5 מאָל מעהר אַלס די צווייטע; די גרעסטע צאָהל שטרייקען האָבען געפיהרט די פאַבריקען, וועלכע האָבען מעהר פון 1000 אַרבייטער, 89,7 פראָצ. פון אַלע אַזעלכע פאַבריקען. עס איז גענוג קלאָר, אַז די קאַמפּפס־בעדינגונגען פאַר ריין־עקאָנאָמישע פערבעסערונגען זענען גאָר ניט גלייך אין די גרויסע און קליינע פאַבריקען — פון 2,7 פראָצ. ביי די פאַבריקען, וואָס האָבען וועניגער פון 20 אַרבייטער, גרייכט די צאָהל פון די שטרייקענדע אין די פאַבריקען מיט העכער 1000 אַרבייטער ביז 89,7 פראָצ. — 33 מאָל מעהר.

* * *

מיר געהען יעצט איבער צו דער דעטאַלער אויספאָרשונג פון דער לאַגע פונ'ם אידישען אַרבייטער אין דער טשערטאַ.

צו דיזע פראַגע גיבען אונז די ביכער פון יק"א אַ גאַנץ רייכען מאַטעריאַל. פערשטעהט זיך, אַז דיזער מאַטעריאַל, ווי אין אַלגעמיינעם יעדע סטאַטיסטישע אַרבייט, קען ניט פרעטענדירען אויף אַבסאָלוטע ריכטיגקייט; די הויפּט־אויפגאַבע אָבער פון יעדער סטאַטיסטיק בעשטעהט טאַקי וועניגער פון אַלץ אין דעם אָנווייזען פון אַבסאָלוטע ציפערן; די פערהעלטניסען—דאָס איז דער עיקר־ציעל פון יעדער סטאַטיסטישער אויספאָרשונג, און אין דעם זין זענען די ביכער פון יק"א רייך מיט טיף־אינטערעסאַנטען מאַטעריאַל. דער לעצטער געהערט צו 1897־טען יאָהר; פערשטעהט זיך, אַז פאַר די לעצטע 8־9 יאָהר האָט זיך די לאַגע געוויסערמאַסען געענדערט; דאָך קען מען ניט זאָגען, אַז דיזע ענדערונגען זענען געווען פון אַזאַ גרויסער מאָס, פון אַזאַ שטאַרקער ווירקונג, אַז דאָס גאַנצע שוידערהאַפטע בילד פון שרעקליכער אָרימקייט און אונערטרעגליכער דחקות פון די ברייטסטע אידישע אַרבייטער־מאַסען, וועלכע גיבען אונז די קאָרעספּאָנדענטען פון יק"א זאָל שוין יעצט געהערען נאָר דער טרויעריגער פערגאַנגענהייט. דיזעס בילד איז אַ לעבעדיגעס נאָך ביז היינטיגען טאָג. פערקערט, פיל פאַלען זאָגען עדות אַז די וואָלקען זענען נאָך שווארצער און געדיכטער געוואָרען, נאָך נידריגער זיך אַראָבגעלאָזט און ברייטער זיך פערשפּרייט, און דראָהען דער טשערטאַ מיט הונגער און אונענדליכען נויט... פון די פילע טאַבעלען, וואָס ווייזען אונז דעם אַנטייל פונ'ם אידישען קאַפּיטאַל און אידישער אַרבייטס־קראַפט אין די פערשידענסטע פראָדוקציאָנס־צווייגען, קען מען מאַכען פאָלגענדע אויספיהרונגען:

א) דער פראָצענט פונ'ם אידישען קאַפּיטאַל ביחס צום גאַנצען קאַפּיטאַל פון דעם אָדער יענעם פראָדוקציאָנס־צווייג איז אימער, חוץ איינצעלנע גאַנץ אונבעדייטענדע אויסנאַמען, קלענער אַלס דער פראָצענט פון די אידישע פאַב־

ריקען ביחס צו אַלע פֿאַבריקען אין דעם צווייג. דאָס בעווייזט, אַז די אידישע פֿאַבריקען זענען פון קלענערען מאַסשטאַב, מאַכען קלענערע „אָבאָראָטען“. די דורכשניטליכע סומען פֿון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען פֿון יעדער אידישער פֿאַבריק בעשטעטיגען דאָס זעלבע.

ב) דער פּראָצענט פֿון אַרבייטס=קראַפֿט, וועלכע איז פֿערנומען אויף די אידישע פֿאַבריקען אין אירגענד=וועלכען פּראָדוקציאָנס=צווייג איז אויסער קליינע אויסנאַמען אומעטום גרעסער, אַלס דער פּראָצענט פֿונ'ם אידישען קאַפּיטאַל אין דיזען צווייג. דאָס בעווייזט, אַז די אידישע פֿאַבריקען בענוצען זיך ווייניגער מיט מעכאַנישער קראַפֿט. פערקערט די דורכשניטליכע צאָהל אַרבייטער אויף יעדער ניט=אידישער פֿאַבריק איז גרעסער אַלס אויף יעדער אידישער, ווייל אַ דאַנק דער ענטוויקעלטער טעכניק, האָט די קאָנצענטראַציע פֿון אַרבייט און קאַפּיטאַל געמאַכט גרעסערע פֿאָרשריט אויף די ניט=אידישע פֿאַבריקען.

ג) דער פּראָצענט פֿון דער אידישער אַרבייטס=קראַפֿט איז תמיד קלענער, און אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס, פֿונ'ם פּראָצענט פֿון דער גאַנצער אַרבייטס=קראַפֿט, וועלכע איז פֿערנומען אויף די אידישע פֿאַבריקען. דאָס בעווייזט, אַז אפילו אידישע פֿאַבריקאַנטען בענוצען זיך אין אַ גרויסער מאָס מיט קריסטליכער אַרבייטס=קראַפֿט.

ד) די אידישע אַרבייטס=קראַפֿט איז כמעט אין גאַנצען פֿערנומען ביים אידישען קאַפּיטאַל, וועלכער איז נאָך געבליבען ביי דער מאַנופֿאַקטור; יענער אידישער קאַפּיטאַל, וועלכער האָט זיך אָבער אַרויסגעריסען פֿון די ענגע מאַנופֿאַקטור=ראַמען, שטרעבט אויך זיך צו בעפֿרייען פֿון דער אידישער אַרבייט; וואָס מעהר וועלכער ס'ניט איז פּראָדוקציאָנס=צווייג ווערט אינדוסטריאַליזירט, אַלץ קלענער איז דער אַנטהייל פֿון די אידישע אַרבייטער אין איהם.

ה) דער אידישער קאַפּיטאַל איז פֿיל עלאַסטישער אין זיין צופּאַסונגס=פּראָצעס, אַלס די אידישע אַרבייטס=קראַפֿט, און דערום גיבט זיך איהם איין פֿיל לייכטער צו פֿערהאַפּען אַ אָרט אין דער גרויס=פּראָדוקציאָן. דאָס מוז ערקלערט ווערען ערשטענס דורך דער געגענוואַרטיגער לאַגע אין רוסלאַנד: ווען דאָס לאַנד נויטיגט זיך גאַנץ שטאַרק נאָך אין פֿרעמדע קאַפּיטאַלען, כדי צו ענטוויקלען די פּראָדוקציאָן, שיקט זי אין דער זעלבער צייט אַרויס יערליך הונדערטער טויזענדער מענשען אין פֿרעמדע אָדער ווייטע וויסטע לענדער, ווייל זיי געפֿינען ניט קיין אָרט אויפֿ'ן פֿערפֿלייצטען מיט אַרבייטס=קראַפֿט רוסישען מאַרק; צווייטענס, דער מאָדערנער קאַפּיטאַל קען אַרויסטרעטען אויפֿ'ן מאַרק אויך אונפערזענליך, אין געשטאַלט פֿון אַקציען=געזעלשאַפֿטען, אָבליגאַציאָנען א. א. וו. — און אויף אַזאַ אופן פֿערלירט ער אין גאַנצען זיין נאַציאָנאַלען כאַראַקטער, ווי צום ביישפּיעל, דער גרויסער אַנטהייל פֿון אידישען קאַפּיטאַל אין צוקער=זאַוואָדען, אין נעפֿט=אונטערנעמונגען, אין בענק=אַנשטאַלטען. פֿערשטעהט זיך, אַז דער אַנטהייל פֿון אידישען קאַפּיטאַל אין דעם אָדער יענעם פּראָדוקציאָנס=צווייג מאַכט ניט פֿאַר אונבעדינגט אָדער אפילו פֿאַר פֿיל=מעגליכער דעם אַנטהייל

פֿון אידישער אַרבייטס=קראַפֿט אין דעם זעלבען פּראָדוקציאָנס=צווייג. די צו=
קער=פּראָדוקציאָן איז דער בעסטער בעוויז. די אידישע אַרבייטס=קראַפֿט
אָבער, ווי יעדע אַרבייטס=קראַפֿט, טרעט אַרויס אויפֿ'ן מאַרק אין געשטאַלט
פֿון לעבעדיגע פּערזאָנען; דאָס מאַכט זי פֿאַר נאַציאָנאַל. דער קאַמפּף פֿונ'ם
אידישען אַרבייטער אויפֿ'ן אַרבייטס=מאַרק איז דערום אונגעהויער שווערער,
זיין לאַגע פֿיל שוואַכער, אַלס די לאַגע פֿון דער אידישער בורזשואַזיע. מיר
וועלען זיך נידריגער נאָך אָבשטעלען בעזאָנדערס אויף דעם קאַמפּף, וואָס
הערשט אין רוסלאַנד אויפֿ'ן אַרבייטס=מאַרק און פֿאַרוואָס דער אידישער אַר=
בייטער מוז, צוליעב סאָציאַל=היסטאָרישע אורזאַכען, בלייבען אויף דער ניד=
ריגער שטופֿע, מוז אָפֿט בעזיגט ווערען און זעהר זעלטען זיגען. מיר וואָלטען
געוואָלט דערווייל נאָר אָנווייזען אויף די אורזאַכען, וועלכע מיר רעכענען פֿאַר
מיטהעלפֿענדע אין געוויסען זין, פֿערשטאַרקענדע אין גרונד די סאָציאַלע ער=
שיינונג, און וועלכע אונזערע געגנער אָבער רעכענען פֿאַר די הויפּט סבה פֿון
דער ניט=אינדוסטריאַליזירונג. אַלס אַזעלכע אורזאַכען ווערען גערעכענט די
אידישע טשערטאַ, דאָס הייסט, דאָס וואָס אידען האָבען ניט קיין רעכט צו
וואָהנען אין אַלע רוסישע גובערניעס און אין די דערפֿער; אפילו אין דער
טשערטאַ—דער שבת. אידישע אַרבייטער האָבען זיך נאָך ניט אָבגעזאָגט פֿון האַל=
טען שבת, און פֿאַר'ן פֿאַבריקאַנט לוינט ניט צו רוהען אי שבת אי זונטאָג; אויך
די אָבוועזענהייט פֿון אידישע געלערענטע מייסטער=טעכניקער, ווייל די קריסט=
ליכע זענען מערסטענטיילס אַנטיסעמיטען און נעהמען צו נאָר קריסטליכע
אַרבייטער. אַנשטאָט צו בעווייזען טעאָרעטיש, אַז דיעזע דריי אורזאַכען
נאָך זייער וועזען נאָך קענען ניט אַרויסרופֿען אַזאַ ערנסטע סאָציאַלע ערשיי=
נונג, ווי דאָס ניט פּראָלעטאַריזירען פֿון די אידישע מאַסען און ניט=אינדוסטרי=
אַליזירונג פֿון די אידישע אַרבייטער, וועלען מיר בעסער קאָנקרעט ווייזען,
אַז אינ'ם גרעסטען טייל פֿאַלען, וואו דיעזע צוויי ערשיינונגען טרעטען אַם
שאַרפֿסטען אַרויס, שפּילען זיי אין דער ווירקליכקייט קיין ראָליע ניט. אַזאַ
קאָנקרעטען מעטאָד רעכענען מיר פֿאַר ריכטיגער, צוועקמעסיגער און דער
עיקר מעהר איבערצייגענד. מיר געהען אַלזאָ איבער צו די פֿערשידענע
פּראָדוקציאָנס=צווייגען, אין וועלכע אידישע אַרבייטער זענען פֿערנומען.

---

## VI.

טאַבעלע № 13 צייגט אונז דעם צושטאַנד פֿון די האָלץ=זאַוואָדען אין
דער גאַנצער טשערטאַ און אין יעדער ראַיאָן בעזאָנדער, און דעם אַנ=
טייל פֿון אידישען קאַפּיטאַל און אידישער אַרבייטס=קראַפֿט אין דיזען פּראָ=
דוקציאָנס=צווייג. דאָס איז איינער פֿון די פּראָדוקציאָנס=צווייגען, וואו דער
אידישער קאַפּיטאַל האָט פֿערכאַפּט אַ גאַנץ גרויסען אָרט, און די אידישע זאַ=
וואָדען זענען זאָגאַר גרעסער, אַלס די קריסטליכע. די סומע פֿון די אויסגע=

אַרבייטע פּראָדוקטען אין יעדער אידישער פֿאַבריק איז 51,042 ר' אַ יאָהר
און אויף די קריסטליכע נאָר 49,659; אין בעזונדערע ראַיאָנען איז דער אונ=
טערשיעד גאַנץ גרויס, גרייכענדיג אין צפֿון=מערב ראַיאָן ביז 44 פּראָצ. און
אַראָבפֿאַלענדיג אין דרום=ראַיאָן ביז 20 פּראָצ.; נאָר אין איין דרום=מערב
ראַיאָן זענען די קריסטליכע פֿאַבריקען גרעסער, אַלס די אידישע כמעט אויף
22 פּראָצ. דאָס זעלבע איז ביחס צו דער צאָהל אַרבייטער אויף יעדער אידי=
שער און ניט=אידישער פֿאַבריק.

יעצט לאָמיר זעהן, ווי גרויס איז פֿאַרגעשטעלט די אידישע אַרבייטס=
קראַפֿט אין דיזען העכער האַלב אידישען פּראָדוקציאָנס=צווייג. אין דער גאַנ=
צער טשערטאַ שטעלען פֿאַר די אידישע פֿאַבריקען 60,49 פּראָצ., דער אי=
דישער קאַפּיטאַל 61,02 פּראָצ., אַרבייטס=קראַפֿט אויף אידישע פֿאַבריקען
63,63 פּראָצ. און אידישע אַרבייטס=קראַפֿט אין זיין סך=הכל 12,88 פּראָצ. ד. ה.
גאַנצע 5 מאָהל וועניגער; דאָס איז ביחס צו דער גאַנצער פּראָדוקציאָן צוזאַ=
מען גענומען; נאָר זאָגאַר ביחס צו דער אַרבייטס=קראַפֿט, וואָס איז פֿערנומען
נאָר אויף אידישע פֿאַבריקען, בילדעט די אידישע אַרבייטס=קראַפֿט ניט מעהר
אַלס 20,2 פּראָצ. ד, ה. 80 פּראָצ. אַרבייטער אין די אידישע זאַוואָדען זע=
נען ניט קיין אידען.

פֿערגלייכען מיר צפֿון=מערב'ישען און דרום=ראַיאָן, וועלכע אונטערשיי=
דען זיך גאַנץ שטאַרק, ווייל די זאַוואָדען פֿון דרום פּראָדוצירען 3 מאָהל
מעהר, אַלס די ערשטע, בענוצען זיך מעהר מיט מעכאַנישער קראַפֿט און פֿאָ=
דערן דערום וועניגער מענשליכע אַרבייטס=קראַפֿט, אַנדערש גערעדט, די
זאַוואָדען פֿון דרום זענען גרעסער, רייכער, מאָדערנער און דערום בעסער
פֿאַר'ן אַרבייטער, — זעהען מיר, אַז אידישע אַרבייטער זענען וועניגער פֿאַראַן
אין דרום=ראַיאָן. פֿון 18,3 פּראָצ. פֿון דער גאַנצער אַרבייטס=קראַפֿט און
25,56 פּראָצ. פֿון איהר אויף די אידישע פֿאַבריקען אין צפֿון=מערב פֿאַלט די
צאָהל פֿון די אידישע אַרבייטער אין דרום ביז 13,64 און 21,29 פּראָצ.

לאָמיר נאָר זעהן יעצט פֿון וואָסער כאַראַקטער זענען די 20,2 פּראָצ.
אידישע אַרבייטער אויף די אידישע האָלץ=פֿאַבריקען אין דער גאַנצער טשער=
טאַ. אָט וואָס די קאָרעספּאָנדענטען פֿון יק"א שרייבען וועגען צפֿון=מערב ראַ=
יאָן: די אידישע אַרבייטער זענען מערסטענטהיילס פֿערנומען ניט אויף די זאַ=
וואָדען זעלבסט, נור אין די קאָנטאָרען, זיי זענען משרתים און טייל=וויז
„טאַבעלשציקעס"; מאַשיניסטען און „סלעסאַרעס", וועלכע געפֿינען זיך אויפֿ'ן
זאַוואָד צוליב די רעמאָנטען, וועלכע מען דאַרף מאַכען; זיי אַרבייטען נאָך
ביים צונויפֿלייגען די ברעטער, נור דיזע אַרבייט קען צוגערעכענט ווערען
פֿאַר „שוואַרצע אַרבייט" און ניט „זאַוואָד=אַרבייט". *)

און אָט וואָס זיי שרייבען וועגען דעם צווייטען ראַיאָן: אַ בעזונדער גרוי=
סען כאַראַקטער טראָגען די זאַוואָדען פֿון פּאָלטאַווער גובערניע (קרעמענטשוג).

*) מאַטעריאַלען פֿון יק"א, ווייטע 15.

מיט אידישע אַרבײַטער איז ניט ווייניגער טרויעריג, אַלס אינ'ם שוין דערמאָנטען ראַיאָן. אויף 10 גרויסע קרעמענטשוגער זאַוואָדען איז ניט געווען קיין איין אידישער אַרבײַטער, חוץ 15 אידען־משרתים.*)

וואָסערע אורזאַכען האָבען אַרויסגערופען אַזאַ טרויעריגע ערשיינונג?

די שרייבער פון יק"א שטעלען זיך אָב אויף צוויי פון די אויבען־אָנגעוויזענע אורזאַכען: 1) די זאַוואָדען זענען אָפט אויסער די שטעדט, און אידען טאָרען ניט קומען אַהין, און 2) דער שבת. אויף וויפיל די ערשטע פון די צוויי סבות קען שפּילען אַ גרויסע ראָלע אין דעם פּראָדוקציאָנס־צווייג, איבער וועלכען מיר ריידען, ווייזען די ווערטער טאַקי פון די ביכער פון יק"א: „גרעסערע זאַוואָדען געפינען זיך אין ווילנאָ, באָברויסק און דווינסק. אין דווינסק זענען פאַראַן 3 זאַוואָדען, וועלכע אַרבײַטען אויס איין דריטעל פון דער גאַנצער סחורה, וועלכע געהט דורך דורכ'ן פאָרט פון ריגאַ**). אין פּאָלטאַווער גובערניע איז דאָ סך־הכל 13 זאַוואָדען, פון זיי 10, די גרעסטע אין גאַנצען ראַיאָן, געפינען זיך אין קרעמענטשוג. פון אַלע 13 זאַוואָדען געהערען 10 פון זיי צו אידען. אַם ווייניגסטענס אַלזאָ, געפינען זיך אידישע זאַוואָדען אין קרעמענטשוג 7. ווייטער: דרום, און איבערהויפּט יעקאַטערינאָסלאַוו, שפּילט שוין פון לאַנג אַ גאַנץ גרויסע ראָליע אין וואַלד־האַנדעל; דער צענטר פון דעם וואַלד־האַנדעל איז אין חערסאָן***). מיר זעהען אַלזאָ, אַז אין אַלע ראַיאָנען געפינען זיך די גרעסטע זאַוואָדען אין די שטעדט, וואו אידען בילדען פון 30 ביז 40 פּראָצ. איינוואָהנער און וואו פון 20 פּראָצ. (פּאָלטאַווער, יעקאַטעריּנאָסלאַווער, חערסאָנער גובערניעס) ביז 23 פּראָצ. (ווילנער) פון דער גאַנצער אידישער בעפעלקערונג זענען פויפערען!****)—אַלע טענות וועגען פּאָליטישע שטערונגען פאַלען!

וועגען דער ווירקונג פון שבת קענען מיר נאָר צוגעבען פאָלגענדעס: יעקאַטערינאָסלאַוו איז איינע פון די דרום־שטעדט, וואו די אידישע בעפעלקערונג איז די פרייסטע אין רעליגיעזען זין, און ניט נאָר די אידישע אַרבײַטער, וועלכע זענען מעהר ענטוויקעלט אי קולטורעל, אי פּאָליטיש, נאָר אפילו אידישע קליינע קרעמערלאַך עפענען שבת די קלייטען און די אגודות „שומרי־שבת", וועלכע זענען דאָרט שוין עטליכע מאָהל בעשאַפען געוואָרען, האָבען געהאַט דעם זעלבען מזל, ווי יעדע „הייליגע אידעע", וואָס האָט קיין אָרט ניט אין לעבען ... און אין דיזען פרייען יעקאַטערינאָסלאַוו, וואו ס'איז פאַראַן כמעט אַ העלפט פון אַלע האָלץ־זאַוואָדען פון גאַנצען ראַיאָן און דוקא די גרעסטע זאַוואָדען, איז דאָ 8 מאָהל ווייניגער אידישע אַרבײַטער, אַלס אין בעסאַראַבער גובערניע, וואו כאָטש די אידען זענען פרום, די זאַוואָדען אָבער זענען קליינע און אָרימע...

*) Ibid 17.

**) Ibid 13.

***) Ibid 18.

****) Ibid 226.

* *

נעמען מיר די טאַבעלע № 14, וועלכע ווייזט אונז דעם אַנטייל פֿון אידען אין האָלץ־בעאַרבייטונג, בעשטעטיגט זי די אַלע טעזען, וועלכע מיר האָבען פֿריהער געבראַכט. דער פּראָצענט פֿון די אידישע פֿאַבריקען איז 43,15 פּראָצ., פֿונ'ם אידישען קאַפּיטאַל אָבער נאָר 28,02 — ד. ה. אַז די אידישע פֿאַבריקען זענען קלענערע. די סומע פֿון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען בעווייזט דאָס זעלבע; יעדע קריסטליכע פֿאַבריק אַרבייט אויס יערליך 38,382 רובל; יעדע אידישע פֿאַבריק נאָר 19,686 — צוויי מאָהל וועניגער. די אידישע אַרבייטס־קראַפֿט בילדעט אָבער נאָר 22,43 פּראָצ. פֿון דער גאַנצער אַרבייטס־קראַפֿט. ד. ה. צוויי מאָהל וועניגער, אַלס די אידישע פֿאַבריקען און מיט 6 פּראָצ. וועניגער, אַלס דער אידישער קאַפּיטאַל.

די גרעסטע צאָהל אידישע פֿאַבריקען און אַרבייטער געפֿינען זיך אין צפֿון־מערב־ראַיאָן. פֿון 63 אידישע פֿאַבריקען אין דער גאַנצער טשערטאַ געפֿינען זיך 32, העכער 50 פּראָצ., אין דיזען ראַיאָן, און פֿון 1367 אידישע אַרבייטער — גאַנצע 1012 ד. ה. 74 פּראָצ.; אָט וואָס די קאָרעספּאָנדענטען פֿון יק"א שרייבען וועגען דיזע פֿאַבריקען און פֿאָלגליך, אויך וועגען דער גרעסטער צאָהל אידישע אַרבייטער אין דיזען פּראָדוקציאָנס־צווייג. „די מעכאַנישע טישלעריי־און פּאַרקעט־פֿאַבריקען אין צפֿון־מערב־ראַיאָן זענען ניט קיין אידישע; פֿערקערט די מעבעל, פּראָבקע־און האָלץ־געווערק־פֿאַבריקען, וועלכע האָבען מעהר אַ קוסטאַרנעם כאַראַקטער, געהערען צו אידען." *)

צו די פּראָדוקציאָנס־צווייגען, וועלכע זענען פֿערבונדען מיט די האָלץ־פּראָדוקטען, געהערען אויך איינינע קלייניגע צווייגען, ווי האָלץ, אייל, אויף וועלכע מיר שטעלען זיך ניט אָב, ווייל עס גיבט דאָרט סך־הכל איינינע צעהנדליג אידישע אַרבייטער. פֿון דער קאַטעגאָריע האָלץ־פּראָדוקציאָן וועלען מיר נאָך אָנווייזען אויף די שוועבעלאַך, וואו ס'זענען פֿערנומען ביז 13 פּראָצ. פֿון אַלע אידישע פֿאַבריק־אַרבייטער אין צפֿון־מערב־ראַיאָן. ריכטיגע דאַטען האָבען מיר טאַקי נאָר וועגען דעם ראַיאָן, וואו דיזער פּראָדוקציאָנס־צווייג איז אַם שטאַרקסטען ענטוויקעלט. פֿון 12 שוועבעלאַך־פֿאַבריקען געהערען 11 אידען, מעהר פֿון 90 פּראָצ.; פֿון 3500 אַרבייטער אויף אַלע פֿאַבריקען זענען דאָ אידען 2986, מעהר אַלס 85 פּראָצ.. אום צו פֿערשטעהן וואָס פֿאַר אַ סאָציאַלע קראַפֿט בילדען פֿון זיך דיזע 13 פּראָצ. פֿון אַלע אידישע אַרבייטער אינ'ם אויבענדערמאָנטען ראַיאָן, גענוגט אונז צו אָנווייזען אויף דאָס געשלעכט און דאָס עלטער פֿון דיזע אַרבייטער: די 2986 אידישע אַרבייטער טיילען זיך פֿאָלגענדער־ווייזע.

---

*) bid

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| מענער | 902 | — | — | — | 30,21 פראָצ. |
| פֿרויען | 1547 | — | — | — | 51,8 פראָצ. |
| קינדער | 537 | — | — | — | 17,99 פראָצ. |
| סך-הכּל | 2986 — | — | — | — | 100 פראָצ. |

חוץ דעם גיבען נאָך צו די קאָרעספּאָנדענטען פֿון יק״אַ, אַז ניט אַלע אַרבײַטער זענען פֿערנומען אויף דער פֿאַבריק, די גרעסטע צאָהל פֿון זײַ אַרבײַט אין דער היים.

„דאָס צונויפֿלײַגען פֿון די שוועבעלאַך, דאָס קלעפּען פֿון די עטיקעטען און באַנדעראָלען, קלײַען די קעסטעלאַך, — דיזע אַלע אַרבײַטען מאַכען די פֿרויען און קינדער אין דער היים“ *).

דעם זעלבען כאַראַקטער, ווי די צינד-האָלץ-פּראָדוקציאָן, טראָגט אויך די גילזען-פֿאַבריקאַציע. אין דיזען צווייג האָבען מיר אויך ריכטיגע דאַטען וועגען אידישע אַרבײַטער, וואָס אונז אינטערעסירט דאָ איבערהויפּט, נאָר וועגען אידישע אַרבײַטער אין אַלע גילזען-פֿאַבריקען (אין גאַנצען צפון-מערב-ראַיאָן. אידישע אַרבײַטער אין דיזען ראַיאָן זענען פֿאַראַן—1138, כּמעט 5 פּראָצ. 28, פֿון זײַ אידישע 26) אין דיזען ראַיאָן. נאָך זייער געשלעכט און עלטער טיילען זײַ זיך פֿאָלגענדער-ווייזע:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| מענער | 163 | — | — | — | 14,32 פּראָצ. |
| פֿרויען | 497 | — | — | — | 43,67 פּראָצ. |
| קינדער | 478 | — | — | — | 42,01 פּראָצ. |
| סך-הכּל | 1138 — | — | — | — | 100 פּראָצ. |

די זעלבע שטריכען—פֿרויען און קינדער-אַרבײַט—געפֿינען מיר אויך אין דער טאַבאַק-פּראָדוקציאָן. שטעלען מיר זיך אָב אויף דער טאַבעלע № 15. אין דער גאַנצער טשערטאַ בילדען די אידישע טאַבאַק-פֿאַבריקען 75,45 פּראָצ.; אַרבײַטס-קראַפֿט איז אויף די אידישע פֿאַבריקען 72,30 פּראָצ. פֿון דער גאַנצער אַרבײַטס-קראַפֿט, וועלכע איז פֿערנומען אין דיזען פּראָדוקציאָנס-צווייג. אידישע אַרבײַטער גיבט עס נאָר 62,17 פּראָצ. פֿון אַלע אַרבײַטער, וועניגער אַלס אידישע פֿאַבריקען אויף 13 פּראָצ. און אַלס אַרבײַטס-קראַפֿט אויף די אידישע פֿאַבריקען אויף 10 פּראָצ. זאָגאַר אין דיזען פּראָדוקציאָנס-צווייג, וואָס איז אין גאַנצען כּמעט אַ אידישער, איז אויך דאָ ביז 15 פּראָצ. ניט-אידישע אַרבײַטער אויף די אידישע פֿאַבריקען.

די גרעסטע צאָהל אידישע אַרבײַטער זענען אויך דאָ פֿערנומען אין צפון-מערב ראַיאָן, וואו די פּראָדוקציאָן איז קלענער, אַלס אין די איבריגע ראַיאָנען. אינטערעסאַנט איז אויך די צוטיילונג פֿון די טאַבאַק-אַרבײַטער נאָך זייער געשלעכט און עלטער:

*) Ibid 27.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| מענער | 2406 | — | — | — | 42,1 פראָצ. |
| פרויען | 3319 | — | — | -- | 57,9 פראָצ. |
| סך־הכל | — 5725 | — | — | — | 100 פראָצ. |

די גרעסטע צאָהל אידישע פרויען און קינדער זענען אין צפון־מערב־ראַיאָן, וואו די אידישע אַרבייטס־קראַפט איז די גרעסטע. אָט איז דער פראָצענט פון דער אידישער אַרבייטס־קראַפט פון אידישע פרויען און קינדער אין פערשידענע ראַיאָנען:

| | דער פראָצענט פון די אידישע אַרבייטס־קראַפט ביחס צו דער גאַנצער אַרבייטס־קראַפט. | פראָצענט פון אידישע פרויען און קינדער ביחס צו אַלע אידישע אַרבייטער. |
|---|---|---|
| צפון־מערב . . . . . | 77,4 פראָצענט | 61,2 פראָצענט |
| דרום־מערב . . . . . | 54,4 . | 57,8 . |
| דרום . . . . . . . | 39,78 . | 54,8 . |
| אין גאַנצען . . . | 57,19 . | 57,9 . |

מיר ווייסען שוין, אַז די טאַבאַק־פּראָדוקציאָן אינ'ם צפון־מערב־ראַיאָן איז פון קלענסטען מאַסשטאַב, בענוצט זיך גאַנץ ווייניג מיט מעכאַנישער קראַפט און פאָדערט דערפאַר אַזוי פיעל מענשליכע אַרבייטס־קראַפט. די לעצטע, ווי מיר זעהען, ווערט רעקרוטירט פון פרויען און קינדער. גאַנצע 61,2 פראָצ. פון דער אידישער אַרבייטס־קראַפט אין דיזען ראַיאָן זענען פרויען און קינדער. אין די איבעריגע צוויי ראַיאָנען, מעהר ענטוויקעלטע, איז דער פראָצענט פון די אידישע פרויען און קינדער עטוואַס קלענער, אָבוואָהל אויך דאָרט זענען זיי מעהר אַלס אַ העלפט פון אַלע אידישע אַרבייטער; דער אַנטייל אָבער פון אידישע אַרבייטער בכלל אין דער טאַבאַק־פּראָדוקציאָן אין די לעצטע צוויי ראַיאָנען פאַלט שוין גאַנץ שטאַרק; פון 77,4 פראָצ. אין צפון־מערב פאַלט ער ביז 54,4 פראָצ. אין דרום־מערב, און ביז 39,78 פראָצ. אין דרום ראַיאָן, כמעט אויף אַ גאַנצע העלפט.

אום צו האָבען וועלכע ניט איז פאָרשטעלונג וועגען די בעדינגונגען, אין וועלכע עס געפינען זיך 5,725 אידישע טאַבאַק־אַרבייטער, כמעט 17 פראָצ. פון אַלע אידישע פאַבריק־אַרבייטער אין די 15 גובערניעס פון דער רוסישער טשערטאַ, גענוגט אונז צו ברענגען אַ פּאָר ערטער פון יק"א'ס מאַטעריאַלען. דער מאָהילעווער גובערנאַטאָר שרייבט פאָלגענדעס: „נאָכ'ן כאַראַקטער פון דיזער אַרבייט (טאַבאַק־אַרבייטער), וועלכע פאָדערט, אַז דער גאַנצער אָרגאַניזם זאָל שעות־ווייז בלייבען אויסגעבויגען, פאָדערט איינאַרטיגע בעוועגונגען, וועלכע ענטוויקלען איינציגע אָרגאַנעם פונ'ם גוף אויפ'ן חשבון פון די איבריגע, זעהן אויס די אַרבייטער, וועלכע זענען פערבליבען אויף אַזאַ פאַב־

ריק אַ מעהר אָדער וועניגער לאַנגע צייט, בעזאָנדערס קינדער, ווי אויסגעמוטשעטע און קראַנקע, מיט אויסגעטריקענטע בלייכע פנימער, מיט פיבערדיג בלישצענדע איינגעפֿאַלענע אויגען, און כמעט תמיד מיט אַ נערוועזען, אָפֿטען אַטהעמען". *) „די שווינדזוכט איז אַ גאַנץ אָפֿטער אורח אין די טאַבאַק-פֿאַבריקען, שרייבען די צוגייפשטעלער פֿון יק"א'ס מאַטעריאַלען. שרעקליכער פֿון אַלעם איז דאָס, וואָס די פֿאַבריקען רואינירען קינדער און פֿרויען" **).

מיר וועלען זיך יעצט אין קורצען אָבשטעלען אויף די לעצטע דריי בעשריבענע פּראָדוקציאָנס-צווייגען: צינד-האָלץ-, גילזען-און טאַבאַק-פֿאַבריקען. וויל ריכטיגע דאַטען וועגען די אידישע אַרבייטער אין אַלע דריי פּראָדוקציאָנען האָבען מיר נאָר בנוגע צום צפֿון-מערב ראַיאָן, דערום וועלען מיר צום ערשטען זיך אָבשטעלען טאַקי אויף דיזען ראַיאָן. אינגאַנצען איז פֿאַרהאַן אַרבייטער אין די דריי פּראָדוקציאָנס-צווייגען אינ'ם דערמאָנטען ראַיאָן 7,179: צינד-האָלץ—2,986, גילזען—1,138, טאַבאַק—3,055, פֿון זיי פֿרויען און קינדער:

| | | |
|---|---|---|
| צינד-האָלץ . . . . | 69,79 פּראָצ. | — 2,084 |
| גילזען . . . . . | 85,68 פּראָצ. | — 975 |
| טאַבאַק . . . . . | 61,89 פּראָצ. | — 1,891 |
| סך-הכל . . . | 68,95 פּראָצ. | — 4,950 |

מיר זעהען אַלזאָ, אַז אין צפֿון-מערב, וואו עס געפינט זיך צוויי דריטעל פֿון אַלע אידישע פֿאַבריקען אין דער טשערטאַ, 22,279, איז אַ דריטעל פֿון זיי 7,179, דאָס הייסט 32,22 פּראָצ. פֿערנעמען אין די שעדליכסטע פּראָדוקציאָנען, וואו פֿרויען מיט קינדער בילדען גאַנצע 68 פּראָצ. פֿון דער גאַנצער צאָהל אַרבייטער. נעהמען מיר די צאָהל פֿרויען און קינדער אין די דריי פּראָדוקציאָנס-צווייגען — 4,950, ביחס צו אַלע אידישע פֿאַבריק-אַרבייטער אין צפֿון-מערב ראַיאָן — 22,279 — דאַן געפינען מיר, אַז זיי בילדען גאַנצע 22 פּראָצ., ד. ה. כמעט אַ פֿערטעל פֿון אַלע אידישע פֿאַבריק-פּראָלעטאַריער אין דעם ראַיאָן, וואו דער אידישער פּראָלעטאַריאַט שטעלט פֿאָר כמעט אַ העלפֿט פֿון גאַנצען אַרבייטער-קלאַס.

יעדער פירוש צו דיזע ציפֿערן איז פֿאָלשטענדיג איבעריג. זיי שרייען זעלבסט וועגען דער אונאָרמאַלער לאַגע און עטוויקלונג פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט, זיי רעדען איינגענרייסענדיג דערפֿון, וואָס פֿאַר אַ סאָציאַלע און פּאָליטישע מאַכט עס בעזיצט צווישען פילע פֿעלקער-פּראָלעטאַריאַטען פֿון רוסלאַנד דער אידישער פּראָלעטאַריאַט...

איבערגעהענדיג צו די ווייטערדיגע פּראָדוקציאָנס-צווייגען, אין וועלכע ס'זענען פֿערנומען דער אידישער קאַפּיטאַל און אידישע אַרבייט, וועלען מיר זיך מעגליכער-ווייז סטאַרען צו האַלטען זיך ביים סדר, אין וועלכען זיי זענען

*) Ibid. 66—67.

**) Ibid 77.

בעשרײַבען אין די מאַטעריאַלען פֿון יק'א. טאַבעלע № 16 ווייזט אונז דעם צושטאַנד פֿון דער ציגעל־פּראָדוקציאָן אין צוויי ראַיאָנען: צפֿון־מערב און דרום־מערב. וועגען דעם דריטען ראַיאָן, דרום, גיבט עס ניט קיין ריכטיגע דאַטען איבער די אידישע אַרבייטער פֿון דאָרטען און מיר האָבען דערום נערעכענט פֿאַר איבריג אָבצושטעלען זיך אויף איהם; דער אַנטייל פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט אין דעם אָדער יענעם פּראָדוקציאָנס־צווייג אינטערעסירט אונז נאָר אויף אַזוי פֿיל, אויף וויפֿיל דיזער אַנטייל כאַראַקטעריזירט די לאַגע פֿונ'ם אידישען אַרבייטער. אַזוי האָבען מיר אויך געטהון נאָך אין איניגע פֿאַלען, וואו ס'האָבען אונז געפֿעהלט ריכטיגע דאַטען וועגען דער צאָהל פֿון די אידישע אַרבייטער.

אין בײדע ראַיאָנען, צפֿון־און דרום־מערב, גיבט אונז די ציגעל־פּראָדוקציאָן פֿאָלגענדע ציפֿערן: דער פּראָצענט פֿון די אידישע פֿאַבריקען — 32,99 פּראָצ.; פֿון אידישען קאַפּיטאַל — 34,99 פּראָצ.; פֿון אַרבייטער אויף אידישע פֿאַבריקען — 39,3 פּראָצ.; פֿון אידישע אַרבייטער ביחס צו אַלע אַרבייטער — 15,62 פּראָצ.; דער פּראָצענט פֿון די אידישע אַרבייטער ביחס צו די, וועלכע זענען פֿערנומען בלויז אויף די אידישע פֿאַבריקען — 40,11 פּראָצ. מיר זעהען אַלזאָ, אַז אָבוואָהל דער אידישער קאַפּיטאַל האָט פֿערכאַפּט אַ בעדייטענדען אָרט אין דעם צווייג און די אידישע פֿאַבריקען זענען גרעסער, אַלס די ניט־אידישע, וואָס ווערט בעשטעטיגט אויך דורך די סומע אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען אויף יעדער אידישער פֿאַבריק (7,585 רוב.) און אויף יעדער ניט־אידישער (7,017 רוב.) און דורך די צאָהל אַרבייטער אויף יעדער אידישער פֿאַבריק (22,63) און אויף יעדער ניט אידישער (17,4), — דאָך שטעלט דער אידישער אַרבייטער פֿאַר סך־הכּל 15,62 פּראָצ. פֿון דער גאַנצער אַרבייטס־קראַפֿט — מעהר ווי צוויי מאָהל וועניגער, אַלס דער אידישער קאַפּיטאַל — און סך־הכּל 40,11 פּראָצ. פֿון אַלע אַרבייטער אויף די אידישע פֿאַבריקען, ד. ה. 60 פּראָצ. אַרבייטער אין די לעצטע זענען ניט קיין אידישע. אין צפֿון־מערב־ראַיאָן אַליין איז די לאַגע פֿיל בעסער און די אידישע אַרבייטס־קראַפֿט איז נאָך דעם פּראָצענט נאָך כמעט צוויי מאָהל גרעסער אַלס דער אידישער קאַפּיטאַל. נאָר פֿון דער גרויסער צאָהל אידישע אַרבייטער, וועלכע זענען פערנומען אין דער ציגעל־פּראָדוקציאָן אין צפֿון־מערב־ראַיאָן, זענען העכער ווי 44 פּראָצ. פֿרויען און קינדער און וועגען די איבריגע דריקען זיך אויס די בעאַרבייטער פֿון די יק"אַ — מאַטעריאַלען, אַז „זיי זענען זעלטען פֿערנומען ביים מאַכען פֿון די ציגעל זעלבסט און אָפֿטער אַרבייטען זיי אַלס צופֿיהרער פֿון די גרייטע ציגעל איבער דעם שטאָדט" *).

אום צו האָבען וואָסער ס'ניט איז פֿאָרשטעלונג וועגען דעם אַנטייל פֿון דער אידישער אַרבייטס־קראַפֿט אין דער ציגעל־פּראָדוקציאָן אין דרום־ראַיאָן,

*) Ibid 37.

איבערהויפּט אין יעקאַטערינאָסלאַווער און כערסאָנער גובערניעס, וואו דיזער צווייג איז פיעל שטאַרקער ענטוויקעלט, אַלס אין די דערמאָנטע צוויי ראַיאָנען, גענינגט צו ברייננגען פאָלגענדע, ניט פילע דאַטען. די קאָרעספּאָנדענטען פון יק"א האָבען איבערגעשריבען אין גאַנץ דרום—חוץ כערסאָנער און יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניעס — 15 ציגעל־זאַוואָדען, וואו עס האָבען געאַרבייט 167 מענשען; אידען סך־הכל—4; אין כערסאָנער גובערניע האָבען זיי איבערגעשריבען 7 זאַוואָדען, פון וועלכע 5 האָבען געהערט צו אידען. אויף אַלע 7 זאַוואָדען האָבען געאַרבייט 270 מענשען; אידען—11. דיזע ציפערן ווייזען, ווי קליין און אונבעדייטענד איז די צאָהל פון די אידישע אַרבייטער אין ציגעל־פּראָדוקציאָן אין דרום־ראַיאָן. אין אַלגעמיינעם דאַרף מען צוגעבען, אַז דיזער פּראָדוקציאָנס־צווייג טראָגט איבערהויפּט אַ קוסטאַרנעם כאַראַקטער, בעזונדערס אין צפון־מערב ראַיאָן.

רעכענען מיר צוזאַמען די צאָהל פון די אידישע אַרבייטער אין צפון־מערב־ראַיאָן אין די לעצטע 4 בעשריבענע פּראָדוקציאָנס־צווייגען, וועלען מיר בעקומען פאָלגענדע זעהר אינטערעסאַנטע ציפערן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין ציגד־האָלץ־צווייג | — | — | 2,986 |
| „ גילזען | „ | — | 1,138 |
| „ טאַבאַק | „ | — | 3,055 |
| ציגעל | „ | — | 1,079 |
| אין גאַנצען | — | — | 8,258 |

פון זיי פרויען און קינדער:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אין ציגד־האָלץ־צווייג | — | — | 2,084 | |
| „ גילזען | „ | — | 975 | |
| „ טאַבאַק | „ | — | 1,891 | |
| „ ציגעל | „ | — | 483 | |
| אין גאַנצען | — | — | 5,433 | — 65,79 פּראָצ. |

די אידישע אַרבייטער פון דיזע 4 צווייגען, די נידעריגסטע און שעדליכסטע, בילדען אַליין 37,06 פּראָצ., מעהר אַלס אַ דריטעל פון אַלע אידישע אַרבייטער פון דיזען פּראָלעטאַריש־אידישען ראַיאָן par excellence, און אין דעם דריטעל זעלבסט בילדען די פרויען, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, מעהר אַלס אַ העלפט—גאַנצע 65,79 פּראָצ., כמעט אַ גאַנץ פירטעל—24,38 פּראָצ.— פון אַלע אידישע אַרבייטער פון ראַיאָן.

די קאָרעספּאָנדענטען פון יק"א שרייבען, אַז די מיידלעך ביי גילזען און ציגד־האָלץ־אַרבייט פערדינען אָפט פון 2 ביז 3 רובל אַ חודש, ד. ה. פון 7 ביז 10 קאָפּיקעס אַ טאָג. ביי טאַבאַק־אַרבייט מאַקסימום פון 6 ביז 8 רובל אַ

חודש, פֿון 20 ביז 27 קאָפּיקעס אַ טאָג—און ביי די ציגעל „איז דער אַרבייטסלוין זעהר אַ נידריגער, ער איז גאַנץ נאָהנט צום ניט-קוואַליפֿיצירטען אַרבייטער (чернорабочий)“.

און דיזע אַרבייטער און אַרבייטערינען בילדען אַ גאַנצען דריטעל פֿונ'ם אידישען פּראָלעטאַריאַט אינ'ם איינציגען ראַיאָן, וואו עס גיבט אַ בעדייטענדע צאָהל אידישע פֿאַבריק-אַרבייטער. ס'איז איבריג צוצוגעבען, אַז אַזאַ לאַגע איז אַ אוננאָרמאַלע. ביחס צום גאַנצען לאַנד געפֿינען זיך אין דיזע בעשריבענע 4 פּראָדוקציאָנס-צווייגען ניט מעהר אַלס 5 פּראָצ. פֿון גאַנצען אַרבייטער-קלאַס, פֿונ'ם אידישען פּראָלעטאַריאַט אָבער בילדען זיי גאַנצע 37 פּראָצ.!

צו די זאָגענאַנטע מינעראַל-פּראָדוקטען (קעראַמישע פּראָדוקציאָנען) ווערען אויך צוגערעכענט די פּראָדוקציאָנען פֿון קאַפּליעס, אַלעבאַסטער א. ז. וו. מיר וועלען זיך אָבשטעלען אויף די, וועלכע זענען מעהר אָדער ווייניגער האַראַקטעריסטיש. אין דער קאַפּליע-פּראָדוקציאָן גיבען די קאָרעספּאָנדענטען דאַטען וועגען 44 פֿאַבריקען, פֿון וועלכע 30, ד. ה. 68,2 פּראָצ., געהערען צו אידען; אַרבייטער אויף אַלע פֿאַבריקען זענען געוועזען—1562 און פֿון זיי אידען-אַרבייטער נור 494, ד. ה. 31,3 פּראָצ. פֿון אַלע אַרבייטער. די אידישע אַרבייטס-קראַפֿט איז פֿאָרגעשטעלט 2 מאָהל ווייניגער, אַלס דער אידישער קאַפּיטאַל.

אין די פֿאַרפֿאָר-זאַוואָדען גיבט עס מעהר אידישע אַרבייטער. צום ביישפּיעל, אויף 7 אַזעלכע פֿאַבריקען (פֿון זיי 4 אידישע) אין וואָלינער גובערניע, וואו דיזע פּראָדוקציאָן איז אם מעהרסטען ענטוויקעלט, האָבען געאַרבייט סך-הכל 1,107 מענשען; אויף די אידישע פֿאַבריקען 902, פֿון זיי אידען-אַרבייטער 845 (706 מענער, 41 פֿרויען און 98 קינדער).

וועגען די גלאָז-זאַוואָדען האָבען מיר פֿאָלגענדע ציפֿערען: די קאָרעספּאָנדענטען האָבען איבערגעשריבען 20 זאַוואָדען אין וואָלינער גובערניע, 16 פֿון זיי, ד. ה. 80 פּראָצ., זענען געוועזען אידישע. אויף אַלע זאַוואָדען זענען געוועזען פֿערנומען 726 אַרבייטער; צווישען זיי אידען-אַרבייטער סך-הכל 143—19 פּראָצ., 4 מאָהל ווייניגער, אַלס דער פּראָצענט פֿון די אידישע פֿאַבריקען. אין גאַנץ צפֿון-מערב ראַיאָן זענען געוועזען 21 גלאָז-זאַוואָדען; צווישען זיי אידישע 8 — 38 פּראָצ. די סומע פֿון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען אויף אַלע זאַוואָדען האָט בעטראָפֿען 1,207,000 רובל, אויף די אידישע אַליין 312,900 רובל (26 פּראָצ.). דאָס ווייזט, אַז די אידישע גלאָז-זאַוואָדען זענען קלענערע. יעדע אידישע פֿאַבריק אַרבייט אויס אַ יאָהר 39,112 רובל און יעדע ניט-אידישע 68,677, כמעט 2 מאָהל מעהר. אַרבייטער זענען געוועזען אויף אַלע 21 זאַוואָדען 2,065; אויף די אידישע אַליין 428—23 פּראָצ. אידען-אַרבייטער—215,220—10,4 פּראָצ. פֿון אַלע אַרבייטער און 49 פּראָצ. פֿון די אַרבייטער אויף די אידישע פֿאַבריקען. אַ גאַנצע העלפֿט אַרבייטער אויף די אידישע פֿאַבריקען ניט-אידען.

מיר געהען איבער צו די שפייז=פראָדוקטען, איינע פֿון די גרעסטע פראָדוקציאָנס=צווייגען אין רוסלאַנד. די סומע פֿון די אויסגעאַרבייטע שפייז=פראָדוקטען אין גאַנץ רוסלאַנד גרייכט כמעט ביז אַ פֿערטיל (22,8 פראָצ.) פֿון דער גאַנצער רוסלענדישער פֿאַבריקאַציאָן און פֿערנעהמט ביז אַ אַכטעל (12,2 פראָצ.) פֿון אַלע פֿאַבריק=אַרבייטער אין לאַנד. די גרעסטע צוויי צווייגען פֿון שפייז=פראָדוקטען זענען די מיהלען און די צוקער=זאַוואָדען.

טאַבעלע № 17 ווייזט אונז דעם אַנטייל פֿון אידישען קאַפּיטאַל און אידישע אַרבייט אין מיהלען=צווייג — און מיר זעהען ווידער גאַנץ קלאָר, אַז וואָס גרעסער ס'איז דער אידישער קאַפּיטאַל, ד. ה. וואָס גרעסער ס'זענען די פֿאַבריקען, וועלכע געהערען צו אידען, אַלץ וועניגער איז אין זיי פֿאָרגעשטעלט די אידישע אַרבייטס=קראַפֿט.

צום ערשטען איינינע ווערטער וועגען דיזער טאַבעלע אין אַלגעמיין. די מיהלען=פֿראָדוקציאָן, ווי מיר זעהען, איז איינע פֿון די צווייגען, אין וועלכער דער אידישער קאַפּיטאַל האָט פֿערכאַפּט אַ גרויס אָרט. אָבוואָהל די אידישע מיהלען אין דער גאַנצער טשערטאַ בילדען מעהר ניט, ווי 28,42 פראָצענט פֿון אַלע מיהלען, דער אידישער קאַפּיטאַל בילדעט אָבער גאַנצע 36,8 פראָצ. פֿון גאַנצען קאַפּיטאַל: יעדע אידישע מיהל אַרבייט אויס יערליך ביז 53,960 רובל און יעדע ניט=אידישע נאָר אויף 41,498 רובל, וועניגער אויף גאַנצע 30 פראָצ. דיזער גרויסער אַנטייל פֿון אידישען קאַפּיטאַל האָט דאָך ניט גערעטעט דעם אידישען אַרבייטער פֿון הונגער און אַרבייטס=לאָזיגקייט: די אידישע אַרבייטס=קראַפֿט בילדעט נור 12,78 פראָצ. פֿון דער גאַנצער אַרבייטס=קראַפֿט, וואָס איז פֿערנומען אין די מיהלען, 3 מאָהל וועניגער, אַלס דער אידישער קאַפּיטאַל. זאָגאַר אין די אידישע מיהלען גיבט עס אידישע אַרבייטער נאָר 42,67 פראָצ. פֿון אַלע אַרבייטער, וועלכע זענען אויף זיי פֿערנומען. העכער האַלב (58,33 פראָצ.) אַרבייטער אויף די אידישע מיהלען זענען ניט=אידען.

דיזע אַלגעמיינע ציפֿערן זענען אָבער גאָר ניט גענוג אום צו פֿאָרשטעלען זיך די לאַגע אין איהר אמת'ען געשטאַלט. עס איז גאַנץ לייכט צו בעמערקען, אַז דער צושטאַנד פֿון דער מיהל=פֿראָדוקציאָן איז שטאַרק פֿערשידען אין פֿערשידענע ראַיאָנען. אין צפון=מערב אַרבייט אויס יעדע מיהל יעהרליך נאָר 23,739 רובל און האָט אַרבייטער דורכשניטליך — 4,4, אין דרום=מערב=ראַיאָן אַרבייט שוין אויס יעדע מיהל כמעט צוויי מאָהל מעהר — 42,286 רובל, און האָט אַרבייטער 7,5; און אין דרום=ראַיאָן איז די פראָדוקציאָן אַם שטאַרקסטען ענטוויקעלט: יעדע פֿאַבריק אַרבייט אויס יעהרליך — 58,658 ר., 2 אַ האַלבע מאָהל מעהר, אַלס אין ערשטען ראַיאָן, און אַרבייטער האָט יעדע מיהל דורכשניטליך — 8,5. שטעלען מיר נעגענאַנאַנדער דיזע ציפֿערן מיט דעם אַנטייל=נעמען פֿון אידישען קאַפּיטאַל און אידישע אַרבייטס=קראַפֿט, בעקומען מיר פֿאָלגענדע גאַנץ אינטערעסאַנטע טאַבעלע:

| ראיאָן. | די סומע אויסגע־ארבייטע פראָדוקטען אויף יעדער פאַבריק. | דער פראָצ. פון אידישע פאַבריקען ביחס צו אלע פאַבריקען. | דער פראָצ. פון אידישען קאַפּיטאַל ביחס צום גאַנצען קאַפּיטאַל. | דער פר. פון אידישע ארבייטס־קראַפט ביחס צו אלע ארבייטער. | דער פראָצ. פון אידישע ארבייטער ביחס צו די, וואָס ארבייטען אויף אידישע פאַבריקען. |
|---|---|---|---|---|---|
| צפון־מערב | 23,793 | 41,6% | 25,3% | 42,43% | 97,75% |
| דרום־מערב | 42,286 (צוּוואוּקס 77,7%) | 24,56% (פערקלענערונג 17,4%) | 38,36% (צוּוואוּקס 13,06%) | 9,29% (פערקלענערונג 33,14%) | 35,95% (פערקלענערונג 61,80%) |
| דרום | 58,658 (צוּוואוּקס 147,1%) | 25,7% (פערקלענערונג 15,9%) | 39,13% (צוּוואוּקס 13,83%) | 6,72% (פערקלענערונג 35,71%) | 21,06% (פערקלענערונג 76,69%) |

וואָס גרעסער די פּראָדוקציאָן איז, אַלץ ווענינער איז דער אַנטיילנעמען פון די אידישע אַרבייט ניט נאָר אין דער פּראָדוקציאָן בכלל, נור אין די אידישע מיהלען אויך. די דורכשניטליכע סומע פון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען וואַקסט אין דרום־מערב און דרום אויף 77 פּראָצ. און 147 פּראָצ., און די אידישע אַרבייטס־קראַפט פאַלט אויף 33 פּראָצ. און 35 פּראָצ. ביחס צו דער גאַנצער פערנומענער אַרבייט און פיעל שטאַרקער אין די אידישע מיהלען: אויף 61 פּראָצ. אין דרום־מערב און אויף גאַנצע 76 פּראָצ. אין דרום־ראַיאָן. פערקערט, דער אַנטייל פון אידישען קאַפּיטאַל וואַקסט מעהר ווי אויף 13 פּראָצ. אין ביידע ראַיאָנען.

אום נאָך רעליעפער צו זעהן, אז וואָס מעהר דער אידישער קאַפּיטאַל אינדוסטריאַליזירט זיך, געהט איבער אין דער גרויס־פּראָדוקציאָן, אַלץ ווענינער בענוצט ער זיך מיט אידישער אַרבייטס־קראַפט, וועלען מיר גענענאַנדער־שטעלען די דורכשניטליכע סומע פון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען אויף יעדער אידישער מיהל און דעם פּראָצענט פון אידישע אַרבייטער אויף זיי:

| ראַיאָנען. | די דורכשניטליכע סומע פון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען אויף יעדער אידישער מיהל. | דער פּראָצענט פון די אידישע אַרבייטער אויף די אידישע מיהלען. |
|---|---|---|
| צפון־מערב | 14,450 | 97,75 פּראָצ. |
| דרום־מערב | 47,692 (+230 פּראָצ.) | 35,45 פּראָצ. (—61,8 פּראָצ.) |
| דרום | 84,220 (+517 פּראָצ.) | 21,09 פּראָצ. (—76,8 פּראָצ.) |

מיר זעהען אַלזאָ, אַז די אידישע מיהלען זענען אין די ראַיאָנען, וואו די אידישע אַרבייטער געפינען זיך אַם ווענינגסטען, גראַדע די גרעסטע—אין דרום איז דער צוואוקס פון דער דורכשניטליכער סומע פון די אויסגעאַרבייטע פראָדוקטען אַ גראַנדיעזער—517 פראָצ. און דער אַנטייל פון די אידישע אַרבייטער אַ מינימאַלער—קלענער אַלס אין צפון=מערב ראַיאָן אויף 76 פראָצ.

מערקווירדיג איז נאָך פאָלגענדעס: אין צפון=מערב ראַיאָן, וואו אין די אידישע מיהלען אַרבייטען כמעט נור אידישע אַרבייטער, 47 פראָצ., זענען די אידישע מיהלען צוויי מאָהל קלענער, אַלס די ניט=אידישע; פערקערט, אין בייידע איבריגע ראַיאָנען, וואו אין די אידישע מיהלען זענען פיעל ווייניגער פערנומען אידישע אַרבייטער (35 און 21 פראָצ.), זענען זיי פיעל גרעסער, אַלס די ניט=אידישע, אויסאַרבייטענדיג אין דרום ביז 84,220 רובל—כמעט 2 מאָהל מעהר, אַלס יעדע ניט אידישע מיהל (48,070).

מיר ווילען זיך דאָ ניט אָבשטעלען אויף די אורזאַכען, וועלכע רופען אַרויס דיזע ערשיינונג; דאָס ווילען מיר טהון צום סוף. מיר ווילען דאָ נור צוגעבען, אַז די בעאַרבייטער פון די יק"א=מאַטעריאַלען געפינען, אַז די הויפט צרה ליגט אין דער שבת=רוה, פערגעסענדיג, ווי עס ווייזט אויס, אַז אין וויטעבסקער און ווילנער גובערניען זענען די אידען אַסך פרומער און רעליגיעזער, ווי אין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע, און אַז דוקא אין „פרומען" ראַיאָן, זאָל מיר מוחל זיין די אידישע ליטאָ, זענען די אידישע אַרבייטער יע פערנומען אין די אידישע מיהלען, און אין'ם ראַיאָן פון „כופרים בעיקר", אין פרייען דרום, האָבען זיי קיין מזל ניט עקספּלואַטירט צו ווערען...

די צוקער=זאַוואָדען אין גאַנץ רוסלאַנד בעשעפטיגען מעהר פון 100,000 אַרבייטער, חוץ די וואָס זענען פערנומען אויף די פלאַנטאַציעס. די אידישע אַרבייטס=קראַפט איז פאָרגעשטעלט אין אַזאַ מינימאַלען פראָצענט, אַז עס לוינט גאָר נישט זיך אָבצושטעלען אויף דיזען פראָדוקציאָנס=צווייג פון שטאַנדפונקט פון די אינטערעסען פון'ם אידישען אַרבייטער. אין די 15 גובערניעס, מיט וועלכע מיר פערנעהמען זיך דאָ, זענען געווען סך=הכל 134 צוקער=זאַוואָדען, פון זיי 14 אידישע, ד. ה. 10,45 פראָצ. פערשטעהט זיך, אַז דיזער פראָצענט ווייזט אפילו ניט בערך דעם אמת'ן אַנטייל פון'ם אידישען קאַפּיטאַל אין דיזער פראָדוקציאָן. דער גרעסטער טייל זאַוואָדען געהערען צו אַקציאָנערע געזעלשאַפטען, און אידען האָבען אַ גרויסע צאָהל אַקציעס.

אויף דיזע אַלע זאַוואָדען איז דאָ אין גאַנצען אַרבייטער 56,471, צווישען זיי אידען 513, ד. ה. 0,9 פראָצ. אויף די אידישע זאַוואָדען אַליין, וואו עס אַרבייטען 4,862 מענשען, געפינען זיך ס"ה 261 אידישע אַרבייטער, ד. ה. 5,37 פראָצ. ערקלערענדיג די אָבוועזענהייט פון אידישע אַרבייטער אין דיזען גרויסען און ענטוויקעלטען פראָדוקציאָנס=צווייג, פערשווייגען שוין די שרייבער פון יק"א דאָס מאָהל וועגען שבת, וועלכער איז ערשט ביי די מיהלען געווען די הויפט=אורזאַכע, וועגען כשר=פלייש און נאָך אַזוינע „פעסטע" שטערענישען, און בעמערקען נאָר,

אז דער גרעסטער טייל צוקער-זאוואָדען געפינען זיך אין די ערטער, וואו אידען טאָרען ניט וואוינען. מיר קענען נור צוגעבען, אז צעהנדליגער צוקער-זאוואָדען געפינען זיך אין די שטעדט, וואו אידען איז יאָ ערלויבט צו וואָהנען, און בעזאָנדערס דער גרעסטער טייל פון די אידישע זאוואָדען, ווי צום ביישפיל, אין קיעווער און פאָדאָלער גובערניעס.

צווישען די שפייז-פראָדוקטען פערנעמען א גאנץ בעדייטענדען אָרט אויך דאָס „ווייןטרויבען"-און „ביר-קאָכען". לאָמיר זשע זעהן ווי גרויס איז דער אנטייל פונ'ם אידישען ארבייטער אין דיזע צווייגען. טאבעלע № 18 איז צונויפגעשטעלט נאָך די דאטען פון די קאָרעספאָנדענטען פון יק"א נאָר וועגען די פונקטען, וואָס זענען בעזעצט מיט אידען. וואָס צייגט אונז דיזע טאבעלע?

נאָר אין איין ראיאָן איז דער פראָצענט פון די אידישע ארבייטער עטוואָס גרעסער, אלס דער פראָצענט פון די אידישע זאוואָדען, אין די אנדערע צוויי ראיאָנען איז שוין די לאגע פערקערט. אין צפון-מערב איז דער פראָצענט פון די אידישע ארבייטער ביחס צו אלע ארבייטער 25 פראָצ. און דער פראָצענט פון די אידישע זאוואָדען נור 17 פראָצ.; אין דרום-מערב איז דער פראָצענט פון אידישע ארבייטער נור 4 פראָצ. און פון די אידישע זאוואָדען גאנצע 26 פראָצ.; און אין דרום 21 פראָצ. און 48 פראָצ.

די ביר-פראָדוקציאָן צייגט דאָס זעלבע, ד. ה. אז די אידישע ארבייטס-קראפט איז אימער ווייניגער פאָרגעשטעלט, אלס דער אידישער קאפיטאל. מיר ברענגען נאָר די דאטען פון די קאָרעספאָנדענטען. זיי זענען נאָך מעהר חאראקטעריסטיש, ווייל די קאָרעספאָנדענטען האָבען מערסטענטיילס, ווי מיר וועלען זעהען, איבערגעשריבען אידישע זאוואָדען, דורכלאָזענדיג א גרויסע צאָהל ניט אידישע. די פערהעלטניס-ציפערן וואָלטען זיך דערום ביי א מעהר דעטאלער אויספאָרשונג שטארק געענדערט אין דעם זין, וואָס אי דער אידישער קאפיטאל, אי די אידישע ארבייטס-קראפט וואָלטען געבילדעט א סך א קלענערען פראָצענט. צום פערשטעהן אָבער פון דער לאגע פון אידישען ארבייטער איז אונז אינטערעסאנטער צו וויסען זיין אנטייל אין דער אידישער פראָדוקציאָן, ווייל אין דער ניט-אידישער איז ער זעהר א זעלטענער גאסט.

די קאָרעספאָנדענטען האָבען איבערגעשריבען אין צפון-מערב-ראיאָן 69 ביר-זאוואָדען; פון זיי 58 אידישע, ד. ה. 84 פראָצ. ארבייטער אויף אלע זאוואָדען איז געווען—958; אידען-ארבייטער נור 480—50,1 פראָצ., מיט 34 פר. ווייניגער אלס אידישע זאוואָדען. דיזע ציפערן ווייזען גאנץ קלאָר, אז אויף אידישע זאוואָדען זענען געווען ביז א העלפט ניט-אידישע ארבייטער.

אין דרום-מערב ראיאָן האָבען די קאָרעספאָנדענטען איבערגעשריבען נור 30 זאוואָדען; פון זיי אידישע—15, ד. ה. 50 פראָצ. אויף אלע 30 זאוואָדען זענען געווען ארבייטער—257, צווישען זיי אידישע ארבייטער — 95, 36,96 פראָצ.—ווייניגער אלס אידישע זאוואָדען מיט 13 פראָצ. אין דרום-ראַ-

יאָן האָבען זיי איבערגעשריבען 11 זאַוואָדען; פון זיי אידישע—9, 81,82 פראָצ. אין גאַנצען איז געווען אַרבייטער 163, צווישען זיי אידען—56, 34,35 פר., ווענינגער כמעט מיט גאַנצע 50 פראָצ. אַלס אידישע זאַוואָדען.

צו די שפייז־ פראָדוקציאָנען, ווי[illegible] שטעהען אויפ'ן ערשטען אָרט נאָך דער צאָהל פון די פערנומענע אין [illegible]אידישע אַרבייטער, געהערען אויך די פאָלגענדע אונטערנעמונגען: קאָנפעקט־מינעראַל־וואַסער־, ציקאָריע־, שאָקאָלאַד־ און קאָנדיטעריי־פאַבריקען. אין אַלע דיזע פאַבריקען איז פערנומען ניט קיין קליינער פראָצענט פון די אידישע פאַבריק־אַרבייטער און כדי צו פערשטעהן, אוף וויפיעל דיזע אַרבייטער קענען צוגערעכענט ווערען צום אינדוסטריעלען פראָלעטאַריאַט, וועלען מיר זיך ערלויבען צו ברענגען אַ ציטאַטע פון די מאַטעריאַלען פון יק"א. אָט וואָס ס'ווערט דאָרט געשריבען וועגען דיזע „פאַבריקען": „דער גרונד־סימן פון דיזע אַלע פאַבריקען איז זייער „מיזערע" פראָדוקטיוויטעט. אי די צאָהל פון די פאַבריקען, אי די סומע פון די אויסגעאַרבייטע פראָדוקטען, אי די צאָהל אַרבייטער — אַלעס איז אַזוי אָרים און קליין, אַז עס בינדעט זיך כלל נישט מיט דער פאָרשטעלונג פון פאַבריק־פראָדוקציאָן. ניט ווילענדיג דערמאָנען אונז דיזע פאַבריקען אָן אַ אונמעגליכע אַטמאָספער, אָן אַ שמוציגעס און ענגעס וואָהנונג, וואו ס'זענען צונויפגעשפאַרט אַ סך אַרבייטער, אָפט פרויען און קינדער, אַלע בלייכע, אויסגעדאַרטע, אויסגעמוטשעטע"*). וועגען אידישע אַרבייטער אין אַלע פראָדוקציאָנס־צווייגען האָבען מיר ניט קיין פינקטליכע דאַטען; נאָר די איינציגע ציפערן, וואָס די מאַטעריאַלען פון יק"א ברענגען, זענען אויך גאַנץ אינטערעסאַנט.

אין גאַנץ צפון־מערב ראַיאָן איז געווען דריי קאָנפעקטען־פאַבריקען, אַלע אידישע. אויסגעאַרבייט האָבען זיי אַ יאָהר פראָדוקטען אויף 20,000 רובל, ד. ה. יעדע פאַבריק—6,630 רובל. נאָך די אָפיציעלע דאַטען איז געווען סך־הכל 26 אַרבייטער אויף אַלע 3 פאַבריקען; נאָך די דאַטען פון די קאָרעספאָנדענטען—165. דיזער אונטערשייד מוז ערקלערט ווערען דורכדעם, וואָס די אָפיציעלע דאַטען האָבען ניט אַריינגערעכענט די, וואָס אַרבייטען צו הויז, און גראַדע די לעצטע בילדען די מעהרהייט. פיעלע פרויען און קינדער נעמען קאָנפעקטען אַהיים צו פערוויקלען זיי אין פאַפירלעך. אידישע אַרבייטער אויף דיזע דריי אידישע פאַבריקען זענען געווען 103,—ד. ה. נור 62,4 פראָצ. פון אַלע אַרבייטער. ווי גרויס איז דער פערדינסט פון די אַרבייטער אין דיזען פראָדוקציאָנס־צווייג? עס גענוגט צו זאָגען, אַז ס'גיבען מיידלעך, וועלכע פערדינען 1 רובל אַ חודש אויף אייגענע שפייז. אין דער לעקאַך־אַבטיילונג פערדינט אַ אַרבייטער 25 קאָפ. אַ טאָג, ד. ה. 6 רובל אַ חודש, ווען ער איז געזונד אַ גאַנץ חודש, וואָס עס טרעפט זעהר זעלטען.

*) Ibid, 78.

מינעראַל=וואַסער זאַוואָדען זענען געווען אין צפון=מערב ראַיאָן 68, אַלע אידישע. אַרבייטער אויף זיי איז געווען סך=הכל — 176, פון זיי אידען 145 — 80,1 פראָצ. אין דרום=מערב זענען געווען מינעראַל=וואַסער=זאַוואָדען — 60, צווישען זיי אידישע 58. אין גאַנצען איז געווען אַרבייטער אויף אַלע זאַוואָדען 212, אויף די אידישע אַליין — 203, אידישע אַרבייטער נאָר 122, ד. ה. 60,1 פראָצ. פון אַלע אַרבייטער אויף די אידישע זאַוואָדען. אין דרום זענען געווען זאַוואָדען 23, פון זיי אידישע — 17. אַרבייטער אויף אַלע זאַוואָדען — 52, אויף די אידישע — 43, אידען=אַרבייטער 33 — 76,74 פראָצ.

די בעאַרבייטונג פון פערשידענע מעטאַלען איז איינע פון די אַם שנעלסטען זיך ענטוויקלענדע פראָדוקציאָנס=צווייגען און שוין יעצט פערנעהמט זי אַ גרויס אָרט אין דער רוסישער פאַבריקאַציאָן. פערגלייכען מיר די ציפערן *) פון 1887 מיט די פון 1897, זעהען מיר ווי שנעל דיזע פראָדוקציאָן וואַכסט. די צאָהל מעטאַל=פאַבריקען אין גאַנץ רוסלאַנד איז פערגרעסערט געוואָרען פון 1,377 ביז 2,412, צוואוקס — 75,16 פראָצ. די סומע פון די אויסגעאַרבייטע פראָדוקטען איז פערגרעסערט געוואָרען פון 112,618,000 רובּ. ביז 310,626,000, דער צוואוכס — 175,82 פראָצ.

די צאָהל אַרבייטער איז פערגרעסערט געוואָרען פון 103,300 ביז 214,311, צוואוכס — 107,46 פר. דיזע ציפערן ווייזען ניט נור דעם וואוכס פון דיזען פראָדוקציאָנס=צווייג, נאָר אויך די קאָנצענטראַציאָן, וועלכע קומט פאָר: דער גרעסטער צוואוכס צייגט די סומע אויסגעאַרבייטע פראָדוקטען, — די קלענסטע — די צאָהל פאַבריקען. נאָך דער סומע פון די אויסגעאַרבייטע פראָדוקטען אויף יעדער פאַבריק פערנעהמט די מעטאַל=בעאַרבייטונג דאָס צווייטע אָרט, אָבטרעטענדיג אין דעם הינזיכט נור די וואָהל=פראָדוקטען. אין דער לעצטער פראָדוקציאָן אַרבייט אויס יעדע פאַבריק — 213 טויזענד רובּ. און אין דער מעטאַל=פראָדוקציאָן — 129 טויזענד. ווי מיר האָבען שוין אויבען געזעהען, איז די מעטאַל=פראָדוקציאָן אין דער טשערטאַ כמעט ניט אָבגעשטאַנען פון דערזעלבער אין די אינערע גובערניען און זאָגאַר אין איין ראַיאָן, אין דרום, גיעבט עס גובערניען, וואו די מעטאַל=בעאַרבייטונג איז פיעל שטאַרקער ענטוויקעלט אַלס אין צענטראַל=רוסלאַנד.

יעצט לאָמיר זעהען, ווי שטאַרק איז פאָרגעשטעלט די אידישע אַרבייטס=קראַפט אין דיזער גרויס=פראָדוקציאָן. די טאַבעלע № 19 ענטהאַלט אין זיך די ציפערען כמעט פון דער גאַנצער טשערטאַ, אַלענפאַלס די גובערניען, וואו די מעטאַל=פראָדוקציאָן איז אַם מעהרסטען ענטוויקעלט. עס פעהלען נאָר ציפערען פון טאַווריִדער און בעסאַראַבער גובערניען, וואו די מעטאַל=בעאַרבייטונג פערנעהמט זעהר אַ שוואַכען אָרט. די טאַבעלע שפיגעלט אין זיך אָב אין אַ קאָנצענטרירטער און שאַרפער פאָרם די אַלע טעזען, וועלכע מיר

*) Сводъ данныхъ о фабрично-заводской промышленности въ Россіи за 1897 г., стр. 17—18.

האָבען אַרויסגעזאָגט וועגען דער גאַנצער אידישער פּראָדוקציאָן און אידישע אַרבייטס-קראַפט אין דער טשערטאַ. דער אידישער קאַפּיטאַל איז אונגעהויער קלענער, אַלס די אידישע פֿאַבריקען, וואָס בעווייזט, אַז ביי אידען זענען אייגענטליך ניט פֿאַבריקען, נאָר מערסטענטיילס ווערקשטאַטען. דער פּראָצענט פֿון דער אַרבייטס-קראַפט, וועלכע איז פֿערנומען אויף די אידישע פֿאַבריקען, איז גרעסער אַלס דער פּראָצענט פֿון קאַפּיטאַל און דאָס בעשטעטיגט אונזער מיינונג: די אידישע ווערקשטאַטען נוטצען זיך מעהר נאָר וואָס אַרויסגעזאָגטע מיינונג: די אידישע ווערקשטאַטען נוטצען זיך מעהר מיט מענשליכע קראַפט, אַלס מיט מעכאַנישע, טאַקי ווייל דאָס זענען ווערקשטאַטען און ניט פֿאַבריקען; די אידישע אַרבייטס-קראַפט בילדעט אין אַלגעמיינעם אַ מיזערע ציפֿער; זאָגאַר אין די אידישע פֿאַבריקען גיעבט עס אַ גאַנץ גרויסע צאָהל ניט אידישע אַרבייטער.

די טאַבעלע № 19 ווייזט אונז פֿאָלגענדעס: אין דער גאַנצער טשערטאַ, חוץ טאַוורידער און בעסאַראַבער גובערניען, בילדען די אידישע פֿאַבריקען 1,64 פּר., ד. ה. כמעט אַגאַנץ דריטעל; דער אידישער קאַפּיטאַל בילדעט ס"ה 30,66 פּר., ביז 20 מאָהל וועניגער אַלס די אידישע פֿאַבריקען. דערום זעהען מיר טאַקי, אַז די סומע פֿון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען יעהרליך אויף יעדער ניט-אידישער פֿאַבריק בעטרעפֿט 26 מאָהל מעהר, אַלס אויף יעדער אידישער פֿאַבריק; יעדער ניט אידישער פֿאַבריקאַנט אַרבייט אויס יעהרליך—675,215 רובל; יעדע אידישע פֿאַבריק נאָר—25,519 רובל. די דורכשניטליכע צאָהל אַרבייטער אויף יעדע ניט-אידישע פֿאַבריק איז 3 מאָהל גרעסער אַלס אויף יעדע אידישע פֿאַבריק; אויף דער ערשטער אַרבייטען דורכשניטליך— 59,5 מענשען, אויף דער צווייטער—20,1. אַרבייטס-קראַפט אויף אַלע אידישע פֿאַבריקען גיעבט עס—13,01 פּר. ביחס צו דער גאַנצער אַרבייטס-קראַפט—8 מאָהל מעהר, אַלס דער אידישער קאַפּיטאַל, און נאָר עטוואָס צוויי מאָהל וועניגער, אַלס דער פּראָצענט פֿון די אידישע פֿאַבריקען. אידישע אַרבייטס-קראַפט בילדעט 9,3 פּראָצ. פֿון דער גאַנצער אַרבייטס-קראַפט און 71,2 פּראָצ. פֿון דער אַרבייטס-קראַפט, וועלכע איז פֿערנומען אויף אידישע פֿאַבריקען.

דיזע אַלגעמיינע ציפֿערן פֿערמאַסקירען אָבער אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס די אמתע לאַגע פֿונ'ם אידישען אַרבייטער אין דער מעטאַל-פּראָדוקציאָן. דער צושטאַנד פֿון דער מעטאַל-פּראָדוקציאָן איז שטאַרק פֿערשידען אין פֿערשיעדענע ראַיאָנען און ענטשפּרעכענד דיזען פֿערשיעדענעם צושטאַנד, איז אויך פֿערשיעדען דער אַנטייל פֿונ'ם אידישען קאַפּיטאַל און דער אידישער אַרבייטס-קראַפט. פֿון אָנהויב וואַרפֿט זיך שטאַרק אין די אויגען דער אונטערשיעד צווישען די ערשטע צוויי ראַיאָנען—צפֿון-מערב און דרום-מערב פֿון איין זייט, און די לעצטע צוויי גובערניעס — יעקאַטערינאָסלאַווער און כערסאָנער—פֿון דער צווייטער. דער מאַקסימום פֿון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען יעהרליך אויף יעדער פֿאַבריק אין די ערשטע צוויי איז אונגעפֿער 70 טויזענד רובל, דער מינימום פֿון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען אויף יעדער פֿאַבריק אין די לעצטע

צוויי גובערניעס איז גאַנצע 125 טויזענד רובל, כמעט צוויי מאָהל מעהר. יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע אָבער בעזונדער גענומען צייכענט זיך אויס מיט איהר גראַנדיעזער סומע. די גאַנצע סומע פֿון אַלע אויסגעאַרבּייטע פּראָדוקטען אין איין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע איז 9 מאָהל מעהר אַלס אין בּיידע ראַיאָנען צוזאַמען מיט כערסאָנער גובערניע. די יעהרליך אויסגעאַרבּייטע פּראָדוקטען אויף יעדער פֿאַבּריק אין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע איז 12 מאָהל מעהר, אַלס אין כערסאָנער גובערניע, 22 מאָהל מעהר אַלס אין צפֿון=מערב ראַיאָן און 32 מאָהל מעהר אַלס אין דרום=מערב ראַיאָן. מיר זעהן אַלזאָ, אַז דער אונטערשיעד איז אַ גאַנץ גרויסער. און יעצט לאָמיר זיך אָבּשטעלען אויף יעדער ראַיאָן. ערשטענס, זעהן מיר, אַז אין אַלע ראַיאָנען, אָהן אויסנאַמע, זענען די אידישע פֿאַבּריקען פֿון קלענערען מאַסשטאַב. אין די צוויי ראַיאָנען, צפֿון=און דרום=מערב, זענען די אידישע פֿאַבּריקען אונגעפֿעהר 2 אַ האַלבּע מאָהל קלענער און אין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע בּיז 34 מאָהל קלענער אַלס די ניט=אידישע. איין אידישע פֿאַבּריק פּראָדוצירט יעהרליך אין די צוויי ראַיאָנען פֿאַר 37 און 22 טויזענד רובל, ווען איין ניט=אידישע פֿאַבּריק פּראָדוצירט פֿאַר 90 און 53 טויזענד רובל יעהרליך. איין אידישע פֿאַבּריק אין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע אַרבּייט אויס יעהרליך פֿאַר 57,081 ר. און איין ניט אידישע בּיז צוויי מיליאָן רובל. דאָס זעלבּע זעהן מיר בּיי דער דורכשניטליכער צאָהל אַרבּייטער אויף יעדער פֿאַבּריק. דער מינימום אַרבּייטער אויף איין אידישע פֿאַבּריק איז אין כערסאָנער גובערניע — 7,5 און דער מאַקסימום אין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע — 33,8. דער מינימום אַרבּייטער אויף איין ניט אידישע פֿאַבּריק איז אין דרום=מערב ראַיאָן 50,2, גרעסער פֿונ'ם מינימום אויף די אידישע פֿאַבּריקען אין 7 מאָהל; און דער מאַקסימום אַרבּייטער אויף איין ניט=אידישע פֿאַבּריק איז גראַדע אין חערסאָנער גובערניע — 531, גרעסער אַלס דער מאַקסימום פֿון יעדע אידישע פֿאַבּריק אין 17 מאָהל, און גרעסער אַלס די דורכשניטליכע צאהל פֿון די אידישע אַרבּייטער אויף איין אידישע פֿאַבּריק אין דער זעלבּער גובערניע אין 77 מאָהל.

דיזע נאָך אַלץ אַלגעמיינע דאַטען צייגען ווי לעכערליך ס'איז צו רייַדען וועגען דער גלייכער לאַגע פֿון אידישען און ניט אידישען אַרבּייטער. אין איינער און דער זעלבּער גובערניע, אין איינער און דער זעלבּער שטאָדט, האַנד בּיי האַנד שטעהט דער ניט=אידישער אַרבּייטער אין דער גרויסער טיעף אין הימעל אַריינגעוואַקסענער בּרייטער און מעהר אָדער וועניגער ליכטיגער פֿאַבּריק; ער שטעהט בּיי דער וואונדער=שאַפֿענדע מאַשין און ער פֿילט האַס און צאָרן געגען דער געגענוואַרטיגער אָרדנונג, וועלכע רויבּט בּיי איהם אַוועק זיין געזונד, זיין גייסט, זיין לעבּען; ער ווערט אָבער אויך דורכגעדרונגען מיט שטאָלץ און טיעפֿען גלויבּען אין זיין ליכטיגע צוקונפֿט, ער ווערט בּעצויבּערט פֿון זיין אייגענע מעכטיגע קראַפֿט און פֿיהלט, אַז דיזע מאַשין, וואָס האָט איהם פֿעראייניגט מעכאַניש מיט טויזענדער עקספּלואַטירטע בּרידער, האָט אויך געשאַ=

פען אין איהם אַ נייע נשמה, אַ נייעם קאָלעקטיווען גייסט, אַ נייע מעגליכ־
קייט, אַ נייעם מיטעל צום קאַמפּף פאַר זיין בעפרייאונג. און ניט ווייט פון דיזער גיגאַנט־פאַבריק, וואָס דראָהט דער גאַנצער פּאָליטישער און סאָציאַלער אָרדנונג, ערגיץ אין אַ פינסטערען קעלער, אַ נאַסען און ענגען, שטעהען אַ פּאָר בלייכע אידישע אַרבייטער; און קאָמפּענסירענדיג מיט פלייש און בלוט, שוויים און מאַרך דעם אָבגעשטאַנענעם ווערקשטאַט אום אויסצוהאַלטען די קאָנקורענץ פון'ם אַללעם פערכאַפּענדען גיגאַנט, חלומען זיי וועגען אַ בעסערען עתיד, פאַנטאַזירען וועגען בעסערע בעדינגונגען... אַזעלכע בילדער זענען לייכט צו בעמערקען אין אָדעס, כערסאָן, יעקאַטערינאָסלאַוו און פיעלע אַנדערע שטעדט.

מיר געהען איבער צו דער ווייטערדיגע ערקלערונג פון טאַבעלע № 19.

| ראַיאָן. | די דורכשניטליכע סומע פון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען אויף איין פאַבריק. אידישע. | ניט־אידישע. | די דורכשניטליכע צאָהל אַרבייטער אויף איין פאַבריק. אידישע | ניט־אידישע. | פּראָצ. פון אידי־שע פאַבריקען. | פּראָצ. פון אידי־שען קאַפּיטאַל. | פּראָצ. פון אידי־שע אַרבייטס־קראַפט. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צפון־מערב . . | 37,870 | 90,930 | 22,61 | 74,3 | 38,9% | 20,9% | 20,62% |
| דרום־מערב . . | 22,500 | 53,200 | 15,7 | 50,2 | 17,0% | 8.02% | 5,69% |
| יעקאַטערינאָס־לאַווער גוב. . | 57,091 | 1,920,638 | 33,8 | 161,7 | 21,1% | 0,97% | 1,37% |
| כערסאָנער גוב. | — | — | 7,5 | 581 | 81,25% | — | 4,76% |

מיר זעהען אַלזאָ, אַז אין אַלע דריי ראַיאָנען זענען די ניט־אידישע פאַבריקען גרעסער, פּראָדוצירען מעהר, קאָנצענטרירען אַ סך גרעסערע אַר־בייטער־מאַסען; לייענענדיג מיר דיזע טאַבעלע פון רעכטס נאָך לינקס אַזוי זע־הען מיר, אַז די לעצטע ציפער, וועלכע ווייזט אויפ'ן אַנטייל פון דער אידי־שער אַרבייט אין וועלכען ניט איז ראַיאָן, איז תמיד די קלענסטע, תמיד ווע־ניגער אַלס דער פּראָצענט פון אידישע פאַבריקען און אידישען קאַפּיטאַל. לייענען מיר די טאַבעלע פון אויבען אַראָב, דאַן זעהען מיר אַז, ווי נאָר מיר קומען צו די צוויי גובערניעס, וואו די מעטאַל־פּראָדוקציאָן איז גרויס־קאַפּיטאַ־ליסטיש, פּראָדוצירענדיג יעהרליך אין איינע פון זיי—יעקאַטערינאָסלאַווער—1,920,678 רובל און קאָנצענטרירענדיג גרויסע אַרבייטערמאַסען, ווי אין כער־סאָנער—כמעט ביז זעקס הונדערט אַרבייטער אויף יעדער פאַבריק—דאָרט פאַלט דער אַנטייל פון אידישען קאַפּיטאַל ביז 0,97 פּראָצ. (יעקאַטערינאָסלאַווער), גאַנצע 20 מאָהל וועניגער אַלס אין צפון־מערב־ראַיאָן און דער פּראָצענט פון די אידישע אַרבייטער בילדעט אַ שרעקליך מיזערע גרויס — 1,37 פּראָצ. אין

יעקאַטעריִנאָסלאַווער גובערניע — כמעט 15 מאָהל וועניִגער אַלס אין צפֿון=מערב, און 4,76 פראָצ. אין כערסאָנער גובערניע — כמעט 5 מאָהל וועניִגער אַלס אין צפֿון=מערב.

די גרויסע צאָהל אידישע פֿאַבריקען אין כערסאָנער גובערניע — גאַנצע 81 פראָצ. — דאַרף אונז ניט וואונדערען, ווייל ס'איז גאַנץ לייכט צו בעמערקען, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען קליינע ווערקשטאַטען. אַלע 39 אידישע פֿאַבריקען אין דער גובערניע האָבען 293 אַרבייטער און די 9 ניט=אידישע פֿערנעמען — 5,528 אַרבייטער, דאָס מאַכט אויס 18 מאָהל מעהר. שטעלען מיר געגענאַנדער די סומע פֿון די אויסגעאַרבייטע פראָדוקטען אויף יעדער אידישער און ניט=אידישער פֿאַבריק און די צאָהל אַרבייטער אויף יעדער פֿון די זעלבע אין פֿערשידענע ראַיאָנען מיט דעם פראָצענט פֿון די אידישע פֿאַבריקען, אידישען קאַפּיטאַל און דער עיקר אידישע אַרבייטס=קראַפֿט אין דיזע ראַיאָנען, און מיר וועלען לייכט בעמערקען, אַז וואָס גרעסער די מעטאַל=פּראָדוקציאָן איז אין וועלכען ניט איז ראַיאָן, אַלס קלענער איז דער אַנטייל=נעמען פֿונ'ם אידישען קאַפּיטאַל און אידישע אַרבייטער. אידישע אַרבייטער אויף אידישע פֿאַבריקען אַרבייטען אויך מעהר אין די ראַיאָנען, וואו די אידישע פּראָדוקציאָן איז פֿון קליינעם מאַסשטאַב. פֿון אַלע אַרבייטער אויף די אידישע פֿאַבריקען אַרבייטען אין צפון=מערב ראַיאָן נאָר אידען, עס גיעבט נאָך אַ קליינע צאָהל אידישע אַרבייטער אין די ניט=אידישע פֿאַבריקען; אין חערסאָנער גובערניע, וואו, ווי מיר האָבען שוין געזעהען, ס'האַנדעלט זיך ניט וועגען אידישע פֿאַבריקען, נור וועגען אידישע ווערקשטאַטען, אַרבייטען 89,7 פראָצ. אידען פֿון אַלע אַרבייטער; אין דרום=מערב — 59 פראָצ. אידען און אין יעקאַטעריִנאָסלאַווער גובערניע, די איינצעלנע גובערניע, וואו די סומע פֿון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען יעהרליך אויף איין אידישער פֿאַבריק איז העכער אַלס 50 טויזענד רובל און די דורכשניטליכע צאָהל אַרבייטער אויף יעדער פֿאַבריק מעהר פֿון 25, איז דער פראָצענט פֿון אידישע אַרבייטער אויף אידישע פֿאַבריקען ס"ה — 26,7, ס"ה 1 פֿערטעל פֿון אַלע אַרבייטער אויף די אידישע פֿאַבריקען, און 3 פֿערטעל אַרבייטער אויף די אידישע פֿאַבריקען זענען ניט=אידישע.

דאָ איז זעהר אינטערעסאַנט זיך אָבצושטעלען אויף די אורזאַכען, וועלכע בריינגען דערצו, וואָס די אידישע אַרבייטער ווערען ניט אַריינגעצויגען אין דער גרויס=פּראָדוקציאָן. ווי מיר האָבען שוין געזעהן, איז די מעטאַל=פּראָדוקציאָן אַם שטאַרקסטען ענטוויקעלט אין דרום=ראַיאָן און דאָרט איז דער אַנטייל פֿון די אידישע אַרבייטער דער מינימאַלער. מיר וועלען זיך דערום אָבשטעלען אויף דיזען ראַיאָן. צום ערשטען וועגען דער טשערטאַ. אייניגע דאַטען רעדען גאַנץ קלאָר און ווייזען, ווי נאַריש און אונוויסענשאַפֿטליך ס'איז צו ערקלערען אַלע ערשיינונגען אין אידישען לעבען נאָר מיט דער פּאָליטישער לאַגע. אויפ'ן בריאַנסקער זאַוואָד, וועלכער איז אין דער שטאָדט יעקאַטעריִנאָסלאַוו, אַרביי=

טען 5,200 מענשען; צווישען זיי 76 אידען. אויף צוויי זאוואָדען אין ניקאָלאַ-
יעוו, אין שטאָדט, אַרבייטען 3,978 אַרבייטער; צווישען זיי אידען — 45.
און די שרייבער פון די מאַטעריאַלען גיעבען נאָך צו: „מערסטענטיילס, זענען
די אידען ניט קיין פאַבריק-אַרבייטער, נאָר זיי געפינען אַרבייט, אַלס משרתים,
מאַגאַזינערען, מאַליאַרען, שמידען" *). מיר וואָלטען געקאָנט ברענגען
נאָך איינינע ביישפילען, נאָר מיר רעכענען זיי לחלוטין פאַר איבריג. די אַנ-
דערע סבה, מיט וועלכע מען טראָגט זיך אַרום, אום צו ערקלערען די אָבוועזענ-
הייט פון אידישע אַרבייטער אויף די גרויסע פאַבריקען, איז דער אומגליק-
ליכער שבת. אידישע אַרבייטער זענען גרייט פאַר הונגער צו שטאַרבען,
אַרבייטען אין די קליינע פינסטערע ווערקשטאַטען, ליידען פון לאַנגען אַרבייטס-
טאָג און מיזערען אַרבייטס-לוין, אַבי ניט אָבצוזאָגען זיך פונ'ם הייליגען שבת.
די שרייבער פון יק"א, וועלכע האָבען בעזאָנדערס ליעב געקראָגען דעם נאַצי-
אָנאַלען שבת, מיט וועלכען ס'איז אַזוי גרינג צו ערקלערען די קאָמפליצירטעסטע
(פערפלאָנטערסטע) סאָציאַלע ערשיינונגען, האָבען דאָך ביחס צו דרום געפיהלט,
אַז די זאַך איז עפעס ניט אַזוי גלאַט, און ערקלערענדיג, פאַר וואָס די אידישע
אַרבייטער קומען ניט אָן אויף די פאַבריקען אין דער מעטאַל-פאַבריקאַציאָן,
גיבען זיי צו בעשיידען: „נאָך עטליכע מיינונגען, איז דער שבת אין דרום ניט
אַזאַ אָבהאַלט פאַר די אידישע אַרבייטער, ווי אין ליטאָ און פוילען" **). גלייך ווי
זיי ווייסען ניט, אַז אין אַזעלכע שטעדט, ווי אָדעס, יעקאַטערינאָסלאַוו, כערסאָן
און יעליסאַוועטגראַד אַרבייט אום שבת די גרעסטע צאָהל אידען, אַלע געשעפ-
טען זענען אָפען, אין אַלע קאָנטאָרען שוויצען אידישע בוכהאַלטערס איבער
די ביכער, אידישע משרתים אַרבייטען 16 שעה אין מעת-לעת און אין די
פאַרטען אַרבייטען הונדערטער אידישע טרעגער.

פון די פראָדוקציאָנס-צווייגען, וועלכע ווערען צוגערעכענט צו דער קאַ-
טעגאָריע „טהיר-פראָדוקטען-פראָדוקציאָן" (Обработка животныхъ про-
дуктовъ), ווילען מיר זיך נאָר אָבשטעלען אויף דער פעל-בעאַרבייטונג,
וואו עס זענען פערנומען אַ גרויסע מענגע אידישע אַרבייטער. טאַבעלע № 20
צייגט אונז דעם צושטאַנד פון דיזער פראָדוקציאָן און דעם אַנטייל, וואָס אי-
דען נעהמען אין איהר. די צאָהל פון די אידישע פאַבריקען איז גאַנץ גרויס—
גאַנצע 55 פראָצ., העכער האַלב פעל-פאַבריקען זענען אין די הענד פון אי-
דען. דער אידישער קאַפּיטאַל אין ווילנער און גראָדנער גובערניע בילדעט
39,05 פראָצ. פונ'ם גאַנצען קאַפּיטאַל. אַרבייטס-קראַפט אויף אַלע אידישע
פאַבריקען איז פערנומען 63,5 פראָצ. פון דער גאַנצער אַרבייטס-קראַפט, אַנ-
דערש געזאָגט, דער אידישער פאַבריקאַנט נוצט זיך מעהר מיט מענשליכע
קראַפט, אַלס דער ניט-אידישער. די סומע פון די אויסגעאַרבייטע יעהרליך
פראָדוקטען אויף יעדע אידישע און ניט-אידישע פאַבריק איז אויך ניט גלייך.
יעדע ניט-אידישע פאַבריק אַרבייט אויס פאַר 12,653 רובל מעהר אויף, העכער

*) Ibid 90.

20 פראָצ., אַלס יעדע אידישע פֿאַבריק—10,275 רובל. מיט איין וואָרט אויך דיעזע אין געוויסען זינן „אידישע" פֿאַבריקאַציאָן בעשטעטיגט אַלעס, וואָס מיר האָבען שוין פֿריהער געשריבען וועגען איינינגע פּראָדוקציאָנס-צווייגען. וועגען אידישע אַרבייטס-קראַפט האָבען מיר דאַטען פֿון די קאָרעספּאָנדענטען פֿון יק"א, וועלכע צייגען אונז פֿאָלגענדעס: די קאָרעספּאָנדענטען האָבען איבערגעשריבען אין צפון-מערב 235 פעל-פֿאַבריקען, פֿון זיי 222 אידישע. אויף אַלע זאַוואָדען זענען געווען אַרבייטער—3,717; צווישען זיי אידען—2,403, ד. ה. 64,6 פּראָצ. ווי מיר זעהען, בילדען די אידישע פֿאַבריקען ביחס צו אַלע, וועלכע די קאָרעספּאָנרענטען האָבען איבערגעשריבען 94,4 פּראָצ. אַלזאָ אויך אין דיזען פּראָדוקציאָנס-צווייג זענען אויף די אידישע פֿאַבריקען פֿערנומען ביז אַ $^1/_3$ ניט-אידישע אַרבייטער. אין דרום-מערב האָבען די קאָרעספּאָנדענטען פֿון יק"א איבערגעשריבען 108 אידישע פעל-פֿאַבריקען, אויף וועלכע ס'האָבען געאַרבייט 2,137 מענשען; צווישען זיי אידען—1,258—58,8 פּראָצ.; אַלזאָ 41,2 פּראָצ. אַרבייטער אויף די אידישע פֿאַבריקען אין דרום-מערב ראַיאָן זענען געווען ניט-אידישע. וועגען דעם חאַראַקטער פֿון די פעל-זאַוואָדען שרייבען די בעאַרבייטער פֿון די מאַטעריאַלען: „די גרעסטע צאָהל זאַוואָדען אין צפון-מערב זענען אין טעכנישען זין זעהר שלעכט אַוועקגעשטעלט; כמעט אין אַלע זאַוואָדען הערשט די האַנד-אַרבייט*)". „דיעזע זאַוואָדען (פעל-זאַוואָדען) אין דער אידישער טשערטאַ האָבען מערסטענטיילס אַ פֿיזיאָנאָמיע פֿון האַנדווערקער-ווערקשטאַטען. כמעט אין יעדער שטאָדט אויף די פֿאָרשטאַטען זענען צונויפֿגעשטעלט עטליכע אַמבאַרען אָדער הייזלעך, וועלכע בילדען אייגענטליך די פעל-זאַוואָדען" **).

צו דער נאָר וואָס בעשריבענער פּראָדוקציאָן קענען מיר נאָך צוגעבען איינינגע ציפֿערען וועגען דער בערשט-פֿאַבריקאַציאָן, און די קאַטעגאָריע פֿון „טהיר-פּראָדוקטען" איז ערשעפּפט. די בערשט-פֿאַבריקאַציאָן איז אין גאַנצען אין אידישע הענד און אויך אַרבייטער אין דיזער פֿאַבריקאַציאָן זענען כמעט נור אידען. דיעזע פּראָדוקציאָן איז איבערהויפּט ענטוויקעלט אין צפון-מערב ראַיאָן. אין גאַנצען גיעבט עס דאָרט 17 זאַוואָדען, אַלע אידישע. זיי פּראָדוצירען יעהרליך 501 טויזענד רובל, ד. ה. 29,400 ר. יעדע פֿאַבריק. אַרבייטער אויף אַלע פֿאַבריקען זענען געווען 519, כמעט דורכאויס אידען.

מיר געהען איבער צו דער ענטוויקעלטסטער פּראָדוקציאָן אין רוסלאַנד — צו וואָל-פּראָדוקטען. פֿון אונזערע פֿריהערדיגע טאַבעלען, ווען מיר האָבען געבראַכט די ציפֿערען וועגען ענטוויקלונגס-צושטאַנד פֿון פֿערשידענע פּראָדוקציאָנס-צווייגען אין פֿערשידענע טיילען פֿון רוסלאַנד, האָבען מיר שוין בעמערקט, אַז די וואָהל-פּראָדוקציאָן פֿערנעהמט דאָס ערשטע אָרט אין רוסלאַנד נאָך איהר אַבסאָלוטע צאָהל פֿון אַרבייטער און סומע געלד, וואָס זי אַרבייט אויס יעהרליך, און אויך נאָך איהר העכערע ענטוויקלונגס-שטופֿע אין זין פֿון קאָנצענטראַציע פֿון קאַפּיטאַל און

*) Ibid 102.

**) Ibid 104.

ארבייט. א גאנץ דריטעל — 946,3 מיליאן רובל פון דער גאנצער סומע 2,839,1 מיליאן — פון די רוסישע פאבריקאציאן פאלט אויף די וואל-פראדוק-טען*). העכער פון 30 פראצ. פון אלע ארבייטער, וואס זענען פערנומען אין דער גאנצער רוסלענדישער פאבריק-פראדוקציאן, געהערען צו דער וואל-פאב-ריקאציאן**). די סומע פון די אויסגעארבייטע פראדוקטען יערליך אויף איין פאבריק, רעכענענדיג גאנץ רוסלאנד, גרייכט 213,000 רובל, א סומע, צו וועלכע ס'האט ניט געגרייכט ניט איין פראדוקציאנס-צווייג אין רוסלאנד.

פון די 15 גובערניען פון דער אידישער טשערטא, מיט וועלכע מיר זענען דא פערנומען, קען פאר אונז האבען א אינטערעס נור גראדנער גובער-ניע, אייגענטליך ביעלאסטאק און זיין ראיאן, וואו דיזע פראדוקציאן איז דער עיקר ענטוויקעלט און וואו עס גיעבט אידישע ארבייטער אין א גאנץ גרויסער מאס. טאבעלע 21 № ווייזט אונז דעם אנטייל פונ'ם אידישען קאפיטאל אין דער וואל-פראדוקציאן און דעם צושטאנד פון די אידישע פאבריקען אין פער-גלייך מיט די ניט-אידישע אין ביעלאסטאק און זיין ראיאן. דא זעהען מיר דאס זעלבע, וואס אונז איז אויסקומען שוין אזוי פיל-מאל צו בעשרייבען. אי-דען האבען אין זייערע הענד גאנצע 80,38 פון אלע פאבריקען, ד. ה. פון יעדע 10 פאבריקען האבען אידען 8 פון זיי; און דער פראצענט פונ'ם אידי-שען קאפיטאל בעטרעפט נאר 47,3 פראצ. פונ'ם גאנצען קאפיטאל. יעדע ניט-אידישע פאבריק פראדוצירט יעהרליך פאר 92,660 רובל און יעדע אידישע פאבריק נאר פאר 20,370 רובל, ד. ה. כמעט 5 מאהל ווייניגער. אויף יעדע ניט-אידישע פאבריק ארבייטען דורכשניטליך 52 ארבייטער און אויף יעדע אידישע פאבריק נור 15, ד. ה. מעהר אלס 3 מאהל ווייניגער.

וויסענדיג, אז די אידישע ארבייטער זענען פערנומען נור אויף אידישע פאבריקען, מוז מען זאגען, אז די אידישע ארבייטער זענען 3 מאהל ווייניגער קאנצענטרירט, 3 מאהל שוואכער אין זייער טאג-טעגליכען קאמפף פאר די אדער יענע פערבעסערונג. וויסענדיג, אז יעדע אידישע פאבריק פראדוצירט כמעט 5 מאהל ווייניגער, אלס יעדע ניט אידישע, מוז מען זאגען אז יעדע אידישע פאבריק איז 5 מאהל שטארקער בעדראהט פון יעדען קריזיס, איז 5 מאהל מעהר בעדראהט ארויסגעשטופט צו ווערען פון דער גרויסער פאבריק, איז 5 מאהל שוואכער אויפ'ן מארק, וואו די סחורה דארף פערקויפט ווערען; איבערזעצענדיג דיזע ווערטער אויפ'ן ארבייטער-לשון, הייסט עס, אז יעדען אידישען ארבייטער דראהט 5 מאהל מעהר ארויסגעווארפען צו ווערען אויפ'ן גאס און בלייבען אהן ברויט ביי יעדען קריזיס; יעדען אידישען ארבייטער דראהט 5 מאהל שטארקער ארונפאלען אין דער ארמע ארבייטס-לאזיגע, א דאנק דער שטארקער ענטוויקלונג פון די גרויסע פאבריקען, אין דיזען פאל פון די ניט-אידישע, וואוהין ער, דער אידישער ארבייטער, האט אזא קליינע האפנונג אנצוקומען; יעדער אידישער ארבייטער מוז, אויב ער וויל

*) 21 . . . Сводъ данныхъ

**) Ibid.

נאָר ניט שטאַרבען פֿון הונגער, קאָנקורירען מיט בלוט און שווייס געגען דער מאַשין, וואָס קלאַפּט אין דער נעכסטער גרויסער פֿאַבריק; אין געגענפֿאַל וועט די אויסגעאַרבייטע סחורה בלייבען ליגען אין פֿאַבריק, ווייל זי וועט ניט אויסהאַלטען די קאָנקורענץ אויפֿ'ן מאַרק.

שטעלען מיר זיך אָב אויף דעם אַנטייל פֿון אידישע אַרבייטער און פֿאַבריקאַנטען אין פֿאַבריקען מיט מעכאַנישע בעוועגער און אָהן אַזוינע, זעהען מיר ערשט, אַז אין אַזאַ שטאָדט, ווי ביעלאָסטאָק, וואו די גרעסטע צאָהל איינוואוינער זענען אידען, בילדעט דאָך די אידישע אַרבייטער-בעפעלקערונג דעם שוואַכערען טייל אין פֿערגלייך מיט די ניט-אידישע פֿאַבריק-אַרבייטער. טאַבעלע № 22 טיילט איין אַלע פֿאַבריקען אין אַזעלכע, וואָס אַרבייטען מיט מעכאַנישע בעוועגער און אָהן בעוועגער און ווייזט אונז אויך דעם אַנטייל פֿון די אידען ווי אין די ערשטע, אַזוי אויך אין די צווייטע. פֿון דיזער טאַבעלע זעהען מיר פֿאָלגענדעס: דער פּראָצענט פֿון די אידישע פֿאַבריקען צווישען די, וואָס אַרבייטען אָן בעוועגער גרייכט 83,9 פּראָצ. און צווישען די, וואָס אַרבייטען מיט בעוועגער נור 62,3 פּראָצ., ד. ה. וועניגער אויף מעהר אַלס 20 פּראָצ. אידישע אַרבייטס-קראַפֿט ביחס צו דער גאַנצער אַרבייטס-קראַפֿט, וועלכע איז פֿערנומען אין ביידע אַרטען פֿאַבריקען, איז אין די פֿאַבריקען אָהן בעוועגער 66,4 פּראָצ. און אין די פֿאַבריקען מיט בעוועגער נור — 29,6 פּראָצ., וועניגער אויף 36,8 פּראָצ. אידישע אַרבייטס-קראַפֿט ביחס צו דער, וועלכע איז פֿערנומען נאָר אויף די אידישע פֿאַבריקען, איז כמעט גלייך אין ביידע אַרט פֿאַבריקען און גרייכט ביז 80,2 פּראָצ. אויף די פֿאַבריקען אָהן בעוועגער און 81,2 פּראָצ. אויף די פֿאַבריקען מיט בעוועגער. אַ פֿינפֿטעל אַרבייטער אויף די אידישע פֿאַבריקען זענען ניט-אידישע. און גראַדע דאָס איין פֿינפֿטעל ניט-אידישע אַרבייטער אויף די אידישע פֿאַבריקען זענען פֿערנומען ביי דער מאַשין, ביי די העכערע טעכנישע אַרבייטען, ביי די מעהר בעצאָהלטע, איבערלאָזענדיג פֿאַר די אידישע אַרבייטער די נידריגערע פֿונקציאָנען, די וועניגער-בעלוינטע. אָט וואָס עס שרייבען די בעאַרבייטער פֿון די מאַטעריאַלען פֿון יק"א: „אויף גענדלערס פֿאַבריק האָבען געאַרבייט ביז 30 מעכאַנישע וועב-שטולען (דייטשע). ביי דיזע וועב-שטולען האָבען געאַרבייט אויסשליסליך ניט-אידישע אַרבייטער"*). „און ווייטער: דער פֿאַבריקאַנט און דער מייסטער, וועלכער גיבט אַכטונג אויף דער אַרבייט, די קאָנטאָרסקע משרתים זענען אַלע אידען, נאָר פֿון די 70 אַרבייטער איז ניט מעהר ווי איין יוד; די גרעסטע טייל פֿון זיי זענען פּוילען**). אויף דער זעלבער זייטע שרייבען זיי: „אין דער האַנד-וועבעריי פֿון ש. בלויך אַרבייטען 10 וועבער און 6 מיידלאַך שפּוליאַרקעס. די 10 וועבער זענען אידען. אין אַ נידריגע צימערעל נעבען אומגעלומפּערטע הילצערנע שטולען אַרבייטען יונגע און אַלטע וועבער. ביי די עלטערע אַרבייטער—אויסגעמוטשעטע, דאַרע,

*) מאַטעריאַלען, זייטע 173. **) Ibid.

כמעט אין גאַנצען אָהן בלוט פּנימער, לאַנגע ניט קיין אויסגעקעמטע בערד און אַ אָנגעשטרענגטער אויף דער אַרבייט קוק... אויף דער צווייטער שטראַסע, עטליכע מינוט גאַנג, האָט דער אייגענער בעל-הבית אַ וועבעריי מיט 16 מעכאַנישע שטולען. אין אַ ניט-גרויסען צווייַ-עטאַזשיגען פליגעל שטעהען די 16 שטולען, וועלכע ווערען בעוועגט דורך אַ קעראָסין-מאָטאָר. ביי דיעזע מעכאַנישע שטולען זענען ניטאָ קיין אידען לחלוטין, די שפּוליאַרקעס זענען אויך ניט קיין אידישע"*).

דיעזע בייספילען רייַדען אַזוי קלאָר, שטרייַכלען אַזוי שאַרף אונטער דעם סאָציאַלען כאַראַקטער פֿון דער ערשיינונג, פּראָטעסטירען אַזוי געגען אַלע מעשיות פֿון טשערטאַ, שבת, כשר-פֿלייש, אידישע מייסטערעס, אַז יעדער פּירוש קען נור אָבשוואַכען דעם איינדרוק. מיר ווילען זיך נור ערלויבען ברייַנגען נאָך איין ציטאַטע פֿון די מאַטעריאַלען פֿון יק"א, אַ ציטאַטע וועלכע רעזיומירט די לאַגע פֿון אידישען אַרבייטער אין דער וואָל-פֿאַבריקאַציאָן. "אין דער גרעסטער אין ביאַלעסטאָקער ראַיאָן פֿאַבריקאַציאָן, אין דער געוואַנד-פּראָדוקציאָן, בעגעגנען זיך אידען נור אַלס וועבער אין די האַנד-וועבערייַ ווערקשטאַטען. אין אַלע-זשע פֿאַבריקען, וועלכע זענען פֿערנומען מיט דער בעאַרבייטונג פֿון וואָל און אַנדערע עהנליכע אַרבייטען, וואו עס גיעבט מעכאַנישע בעוועגער, זענען קיין אידישע אַרבייטער גאָר ניטאָ"**).

## VII.

פֿון די איינצעלנע פּראָדוקציאָנס-צווייגען געהען מיר איבער צום אַנטייל-נעמען פֿונ'ם אידישען קאַפּיטאַל און דער אידישער אַרבייטס-קראַפֿט אין דער גאַנצער טשערטאַ און אין פֿערשידענע ראַיאָנען פֿון דער גאַנצער פֿאַבריקאַציאָן צוזאַמען גענומען. און דאָ טרעט אַרויס אין איהר שאַרפֿקייט די קוואַנטיטאַטיווע שוואַכקייט פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט, זיין קוואַליטאַטיווע מינדערווערטקייט אין פֿערגלייך מיט דעם פּראָלעטאַריאַט פֿון די אַרומיגע פֿעלקער. טאַבעלע № 23, וועלכע איז צונויפֿגעשטעלט נאָך די מאַטעריאַלען פֿון יק"א, ווייזט אונז דעם אַנטייל פֿון אידישען קאַפּיטאַל און אידישער אַרבייטס-קראַפֿט אין 14 גובערניעס פֿון 15, אין וועלכע כמעט אין דער גאַנצער טשערטאַ — ס'איז ערלויבט אידען צו וואוינען. עס פֿעהלען אונז ציפֿערען נאָר פֿון חערסאָנער גובערניע. נאָר, פֿערשטעהט זיך, אַז ווי גוט ס'זאָל ניט זיין די לאַגע פֿונ'ם אידישען אַרבייטער אין דיזער גובערניע, וועט דאָס אַלגעמיינע בילד פֿון דער טשערטאַ ניט געענדערט ווערען; צום בעדויערן האָבען מיר צופֿיעל פֿאַקטען וועלכע בעווייזען, אַז חערסאָן איז גאָר ניט קיין אויסנאַמע, און מיר האָבען אויך שוין אויבען געבראַכט אייניגע אַזוינע פֿאַקטען.

נעמען מיר דעם סך-הכל פֿון דער טאַבעלע № 23, אַזוי זעהען מיר אַז אין די אויסגערעכענטע 14 גובערניעס בילדען די אידישע פֿאַבריקען

*) Ibid 174.

**) Ibid 171.

37,84 פֿון אַלע פֿאַבריקען אין דיזע גובערניעס. פֿון טאַבעלע № 7, וואָס מיר האָבען אויבען געבראַכט, האָבען מיר געזעהען, אַז די אידען בילדען 40,9 פּראָצ. פֿון דער גאַנצער בעפֿעלקערונג פֿון די שטעדט און שטעדטלאַך. אַלזאָ, זעהען מיר, אַז די צאָהל פֿון די אידישע פֿאַבריקען ענטשפּרעכט כמעט דעם פֿערהעלטניס פֿון דער אידישער בעפעלקערונג צו דער גאַנצער בעפֿעלקערונג. געהען מיר אָבער איבער צום קוואַליטאַטיווען כאַראַקטער פֿון דער אידישער פֿאַבריק, אַזוי זעהען מיר, אַז זי איז קלענער פֿון דער ניט=אידישער, פּראָדוצירט יעהרליך אַ קלענערע סומע, נוצט זיך מעהר מיט האַנד=אַרבייט, אַלס מיט מעכאַנישע, קאָנצענטרירט וועניגער אַרבייטער,—מיט איין וואָרט, די אידישע פֿאַבריק איז אין סאָציאַל=טעכנישען זין נידריגער, אין היגיענישען זין שעדליכער, אין עקאָנאָמישען זין — שוואַכער. און דער אַרבייטער, וועלכער איז פֿערנומען אין אַזעלכע מאַנופֿאַקטור=פֿאַבריקען, בילדעט פֿון זיך אַ פֿיעל שוואַכערע סאָציאַלע מאַכט, אַלס זיין קריסטליכער ברודער, וועלכער שטעהט ביי דער מאַשין. דער אידישער קאַפּיטאַל בילדעט אין די 14 גובערניעס נאָר 22,5 פּראָצ. — וועניגער מיט גאַנצע 15 פּראָצ., אַלס די אידישע פֿאַבריקען און נאָר עפּעס מעהר פֿון אַ העלפֿט אַלס די אידישע בעפֿעלקערונג. די אידישע פֿאַבריקען פּראָדוצירען אַלזאָ וועניגער, זענען אָרימער, פֿון קלענערען מאַסשטאַב. די סומע, וואָס יעדע אידישע און ניט=אידישע פֿאַבריק אַרבייט אויס יערליך, בעווייזט גאַנץ קלאָר דאָס, וואָס מיר האָבען געזאָגט. יעדע אידישע פֿאַבריק פּראָדוצירט יעהרליך 31,088 רובל, יעדע ניט=אידישע—65,137, אַלזאָ אין צוויי מאָהל מעהר. אויף יעדער אידישער פֿאַבריק אַרבייטען דורכשניטליך 21,65 מענשען און אויף יעדער ניט=אידישער—35,7, כמעט צוויי מאָהל מעהר. מיר זעהען אַלזאָ, אַז יעדע ניט=אידישע פֿאַבריק איז גרעסער, טעכניש רייכער, אַלס יעדע אידישע פֿאַבריק; די ניט=אידישע אַרבייטער זענען מעהר קאָנצענטרירט, אַרבייטען ביי בעסערע בעדינגונגען, האָבען מעהר שאַנסען צו פֿערבעסערן דיזע בעדינגונגען, האַלטען אין זייערע הענד די בעסערע און מעהר קאָנצענטרירטע פּראָדוקציאָנס=צווייגען.

געהען מיר איבער צום אַנטייל=נעהמען פֿון דער אידישער אַרבייטס=קראַפֿט, אַזוי זעהען מיר ערשט, ווי שרעקליך די לאַגע איז. די אידישע פֿאַבריק=אַרבייטער בילדען מעהר ניט, ווי 14,4 פּראָצ. פֿון דער גאַנצער פֿאַבריק=אַרבייטער=בעפֿעלקערונג, כמעט 3 מאָהל וועניגער, אַלס די אידישע בעפֿעלקערונג איבערהויפּט, מעהר אַלס 2 אַ האַלבע מאָהל וועניגער, אַלס דער פּראָצענט פֿון די אידישע פֿאַבריקען און אויף 1 מיט אַ האַלב מאָהל וועניגער, אַלס דער אידישער קאַפּיטאַל. פֿון דעם איז שוין לייכט צו פֿערשטעהען, אַז ניט אויף אַלע אידישע פֿאַבריקען אַרבייטען אידישע אַרבייטער, אַז ניט דער גאַנצער אידישער קאַפּיטאַל נוצט זיך מיט אידישע אַרבייטס=קראַפֿט—און דאָס זעהען מיר טאַקי, ווען מיר רעכענען אויס די צאָהל פֿון די אידישע אַרבייטער

אין דער גאַנצער טשערטאַ און די צאָהל אַרבייטער, וואָס זענען פערנומען אויף אַלע אידישע פאַבריקען. אויף די לעצטע זענען פערנומען 63,509 אַר־בייטער. אידישע אַרבייטער האָבען מיר סך־הכל 33,933—53,3 פּראָצ.: 29,576 אַרבייטער אויף די אידישע פאַבריקען זענען נים אידישע, כמעט אַ העלפט אַרבייטס־קראַפט, וועלכע ווערט עקספּלואַטירט דורך אידישען קאַפּיטאַל איז נים קיין אידישע.

דיזע אַלגעמיינע ציפערען, אַבוואָהל זיי בעווייזען גאַנץ קלאָר פון איין זייט דעם קלענערען כאַראַקטער פון די אידישע פאַבריקען און דעם מיזערען אַנטייל פונם אידישען אַרבייטער אין דער פאַבריק־פּראָדוקציאָן פון דער צווייטער זייט, דאָך זענען זיי נים־גענוגענד אויף צו פאָרשטעלען אַ אמת'עם בילד פון דער לאַגע פון אידישען אַרבייטער. מיר האָבען שוין אין די ערשטע קאַפּיטלאַך אָנגעוויזען, אַז די אידישע ארבייטער זענען מערסטענטייל'ס פערנומען אין צפון־מערב ראַיאָן, וואו די פאַבריקאַציאָן טראָגט נאָך אַ מאַנופאַקטור־כאַראַקטער; וועניגער פון אַלעם זענען זיי פערנומען אין דרום, וואו די פּראָדוקציאָן טראָגט שוין אַ שאַרף אויסגעדריקטען גרויס־פאַבריקאַציאָנס־כאַראַקטער. שטעלען מיר געגענאַנאַנדער דעם פּראָצענט פון די אידישע פאַבריקען, אידישען קאַפּיטאַל און אידישע אַרבייטס־קראַפט אין פערשיעדענע ראַיאָנען און דעם צושטאַנד פון דער פּראָדוקציאָן אין דיזעלבע ראַיאָנען — און דאָס לעצטע קענען מיר וויסען פון דער דורכשניטליכער סומע פון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען יעהרליך אויף יעדער פאַבריק — און מיר וועלען לייכט בעמערקען, אַז וואָס גרעסער די פּראָדוקציאָן, אַלץ קלענער איז דער אַנטייל פון אידישען קאַפּיטאַל און נאָך מעהר, פון דער אידישער אַרבייטס־קראַפט.

| ראַיאָן. | פּראָצ. פון אידי־שע פאַבריקען. | פּראָצ. פון אידי־שען קאַפּיטאַל. | פּראָצ. פון אי־דישע אַרבייטס־קראַפט. | די דורכשניטלי־כע סומע פון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען יעה־ליך אויף יעדער פאַבריק. | די דורכשניטלי־כע צאָהל אַרביי־טער אויף יעדער פאַבריק. |
|---|---|---|---|---|---|
| צפון־מערב . . | 51 % | 47,6% | 43,24% | 22,888 | 18,7% |
| דרום־מערב . . | 33,9% (פערקלענע־רונג 17,1%) | 27 % (פערקלענע־רונג 20,6%) | 8,81% (פערקלענער. 34,33%) | 47,252 (צוּוואוקס 106%) | 32,2% (צוּוואוקס 72%) |
| דרום. . . . | 23,9% (פערקלענע־רונג 27,1%) | 10 % (פערקלענע־רונג 37,6%) | 2,75% (פערקלענער. 40,49%) | 112,231 (צוּוואוקס 390%) | 45,9% (צוּוואוקס 145%) |

מיר זעהען פון דיזער טאַבעלע, אַז דער אַנטייל פון דער אידישער אַר־בייטס־קראַפט, ווי פונ'ם אידישען קאַפּיטאַל, אַבוואָהל אין אַ שוואַכערע מאָס, איז אָבהענגיג פון דעם צושטאַנד פון דער פּראָדוקציאָן; וואָס גרעסער די לעצ־טע, אַלץ קלענער דער אַנטייל פון די ערשטע צוויי. רעכענען מיר אויס דעם

אַנטייל פֿון אידישע פֿאַבריקען, קאַפּיטאַל און אידישע אַרבײַטס־קראַפֿט אין בײדע לעצטע ראַיאָנען אין פֿערגלייך מיט צפון־מערב, זעהען מיר, אַז אומעדום פֿערקלענערען זיי זיך, אָבוואָהל, אָדער אפשר טאַקי דערפֿאַר, ווייל די פּראָדוקטיוויטעט וואַקסט.

קוקען מיר דורך די טאַבעלע פֿון רעכטס נאָך לינקס אין אַלע דריי ראַיאָנען, און מיר וועלען זעהען, אַז דער פּראָצ. פֿון דער אידישער אַרבײטס־קראַפֿט איז תמיד קלענער, אַלס דער פּראָצענט פֿון די אידישע פֿאַבריקען און קאַפּיטאַל, און וואָס נאָהענטער צו דרום, צו דער ענטוויקעלטער פּראָדוקציאָן, אַלץ גרעסער ווערט דער אונטערשיד. אין צפון־מערב בעטרעפֿען

די אידישע פֿאַבריקען — — 51 פּראָצ.
דער אידישער קאַפּיטאַל — 47,6 „ (וועניגער 3,4 פּראָצ.)
אידישע אַרבײַטס־קראַפֿט — 43,24 „ ( „ 7,66 „ )

אין דרום־מערב:

אידישע פֿאַבריקען — — — 33,9 פּראָצ.
אידישער קאַפּיטאַל — — 27 „ (וועניגער 6,9 פּראָצ.)
אידישע אַרבײַטס־קראַפֿט — 8,81 „ ( „ 25,9 „ )

אין דרום:

אידישע פֿאַבריקען — — — 23,9 פּראָצ.
אידישער קאַפּיטאַל — — 10 „ (וועניגער 13,9 פּראָצ.)
אידישע אַרבײַטס־קראַפֿט — 2,75 „ ( „ 20,15 „ )

די אידישע אַרבײַטס־קראַפֿט צייגט תמיד דעם גרעסטען מינוס צום דרום־ראַיאָן, צום ענטוויקעלסטען ראַיאָן.

שטעלען מיר גענענאַנאַנדער די ציפֿערן, וואָס ווייזען אונז דעם אַנטייל פֿון די אידישע אַרבײַטער נאָר אין די אידישע פֿאַבריקען מיט דעם צושטאַנד פֿון דער אידישער פֿאַבריקאַציאָן אין פֿערשיעדענע ראַיאָנען, אַזוי זעהען מיר, אַז דאָרטען, וואו די אידישע פֿאַבריקאַציאָן איז פֿון העכערער פֿאָרם, בענוצט זי זיך פֿיעל וועניגער מיט אידישע אַרבײַטס־קראַפֿט.

| ראַיאָן. | פּראָצ. פֿון אידישע אַרבײַטס־קראַפֿט ביחס צו די אַרבײַטער אויף די אידישע פֿאַבריקען. | די סומע פֿון די אויסגעאַרבײַטע פּראָדוקטען אויף יעדער אידישער פֿאַבריק. | די דורכשניטליכע צאָהל אַרבײַטער אויף יעדער אידישער פֿאַבריק. |
|---|---|---|---|
| צפון־מערב . . . . | 74 % | 21,370 | 21,4 % |
| דרום־מערב . . . . | 34,1 % (פֿערקלענערונג 39,9 %) | 37,600 (צוזואוקס 75 %.) | 24,7 % (צוזואוקס 20 %.) |
| דרום . . . . . . | 39,11% (פֿערקלענערונג 34,89%) | 47,000 (צוזואוקס 119 %.) | 13,6 % (פֿערקלענערונג 35 %.) |

ליַיענען מיר דיעזע לעצטע טאַבעלע פֿון אויבען אַראָב אין אַלע דריי גראַפֿען און מיר זעהען, אַז די אידישע אַרבייטס-קראַפֿט ווערט קלענער אויף העכֿער 30 פראָצ. אין ביידע לעצטע ראַיאָנען, ווען די אידישע פֿאַבריקאַציאָן ווערט גרעסער אויף 75 פראָצ. און 119 פראָצ. דאָס זעלבע צייגט די דורכֿשניטליכֿע צאָהל אַרבייטער חוץ דרום, וואו די דורכֿשניטליכֿע צאָהל אַרבייטער איז קלענער אויף 35 פראָצ.

דיזע ציפֿערען בעשטעטיגען נאָר דאָס, וואָס מיר האָבען שוין אָנגעוויזען אין אַ גאַנצע רייהע פּראָדוקציאָנס-צווייגען: דער אידישער גרויסער קאַפּיטאַל, די אידישע גרויס-טעכנישע פֿאַבריקען נוטצען זיך ווייניגער מיט אידישע אַרבייטס-קראַפֿט. און דעם אידישען אַרבייטער בלייבט נאָר איבער דאָס ענגע, שמאָלע, אָרימע און שנעל-אָבשטאַרבענדע מאַנופֿאַקטור-פֿעלד, פֿאַרן אידישען פּראָלעטאַריאַט בלייבט דערווייל דער ענגער, פֿינסטערער און אָרימער אידישער ווערקשטאַט.

אונזער מיינונג וועגען אידישען קאַפּיטאַל און אידישע אַרבייטס-קראַפֿט געפֿינט איהר קלאָרסטע בעשטעטיגונג, איהר שאַרפֿסטען אויסדרוק אין די ציפֿערען, וואָס ווייזען אונז די דורכֿשניטליכֿע צאָהל אַרבייטער ביי אידען און ניט-אידען אויף יעדער פֿאַבריק מיט בעוועגער און אָהן בעוועגער.

די דורכֿשניטליכֿע צאָהל אַרבייטער אויף איין פֿאַבריק מיט בעוועגער און אָהן בעוועגער.

| ראַיאָן. | מיט בעוועגער. | | אָהן בעוועגער. | |
|---|---|---|---|---|
| | ניט-אידישע. | אידישע. | ניט-אידישע. | אידישע. |
| צפון-מערב . . . . | 50 | 37,2 | 26,4 | 17,2 |
| דרום-מערב . . . . | 229 | 40,7 | 17,7 | 17 |
| דרום . . . . . . | 314 | 21,2 | 48 | 11 |

דיעזע טאַבעלע, וועלכֿע איז צוזאַמענגעשטעלט נאָך די מאַטעריאַלען פֿון יק"א, איז אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס זי צייגט אונז, אַז גראַדע אין די ראַיאָנען, וואו די פּראָדוקציאָן איז שטאַרק ענטוויקעלט, גראַדע דאָרט, וואו די מאַשין מאַרשירט איהר שטאָלצען גאַנג, פֿערכֿאַפּענדיג ברייטע שיכֿטען פֿון פֿאָלק, קאָנצענטרירענדיג צעהנדליגע טויזענדער פּראָלעטאַריער, שאַפֿענדיג אַ מעכֿטיגע אַרמעע פֿון אָרגאַניזירטע מעכֿאַניש און דאַרום אויך פּסיכֿיש אַרבייטער, גראַדע אין דיעזע געבענשטע ראַיאָנען, בלייבט אָדער קומט אָן דער אידישער אַרבייטער אין דער קליינער מאַנופֿאַקטור-פֿאַבריק אָדער ענגען ווערקשטאַט.

נעמען מיר די פֿאַבריקען מיט מעכֿאַנישע בעוועגער, אַזוי זעהען מיר, אַז די צאָהל אַרבייטער אויף יעדער ניט-אידישע פֿאַבריק וואַקסט פֿון 50 אין

צפון=מערב ביז 229 אין דרום=מערב—כמעט 5 מאָהל פערגרעסערט—און ביז 314 אין דרום ד. ה. שוין מעהר אַלס 6 מאָהל פערגרעסערט; פערקעהרט, ביי די אידישע פאַבריקען האָט זיך די צאָהל אַרבייטער פערגרעסערט פון 37,2 אין צפון=מערב ביז 40,7 אין דרום=מערב—סך=הכל מיט 3 אַ האַלבע אַרבייטער און אין דרום, אינ'ם ענטוויקעלטסטען ראַיאָן, איז די צאָהל אַרבייטער אַראָבגעפאַלען ביז 21,2, אויף גאַנצע 17 אַרבייטער וועניגער. אַביסעל אַנדערש איז דאָס בילד ביי די פאַבריקען אָהן מעכאַנישע בעוועגער. די דורכשניטליכע צאָהל אַרבייטער אויף יעדער ניט=אידישער פאַבריק פאַלט פון 26,4 אין צפון=מערב ביז 17,7 אין דרום=מערב, שטייגט אָבער אין דרום ביז 48 אַרבייטער. ביי די אידישע פאַבריקען פאַלט די דורכשניטליכע צאָהל אַרבייטער פון 17,2 אין צפון=מערב ביז 17 אין דרום=מערב ראַיאָן און ביז 11 אין דרום. נעמען מיר נאָר דרום=ראַיאָן, אַזוי זעהען מיר ווי שרעקליך גרויס דער אונטערשיד איז צווישען אידישע און ניט=אידישע פאַבריקען. יעדע ניט=אידישע פאַבריק מיט מעכאַנישע בעוועגער בעשעפטיגט דורכשניטליך 314 אַרבייטער און יעדע אידישע פאַבריק סך=הכל—21,2, כמעט 15 מאָהל וועניגער; יעדע ניט=אידישע פאַבריק אָהן מעכאַנישע בעוועגער בעשעפטיגט דורכשניטליך 48 אַרבייטער און יעדע אידישע פאַבריק נאָר 11, מעהר אַלס 4 מאָהל וועניגער. דאָס זעלבע זעהען מיר אין די איבריגע צוויי ראַיאָנען, נאָר אַביסעל אין אַ שוואַכערער פאָרם.

דיזע אַלע בעאָבאַכטונגען, וועלכע מיר האָבען דאָ בעשריבען נאָך די מאַטעריאַלען פון יק"א פאַר 8—1897 יאָהרען, האָט שוין סובאָטין געמאַכט צום סוף פון די 80=ער יאָהרען. דיזער אונפאַרטייאישער געלעהרטער האָט שוין דאַן בעמערקט, אַז די אידישע פאַבריקען און זאַוואָדען זענען קלענער, אַלס די ניט=אידישע און האָט זיך אויך שוין דאַן אָבגעשטעלט אויף דער ערשיינונג, וואָס אידישע אַרבייטער זענען מערסטענטיילס פערנומען אָדער אין די ווערקשטאַטען, אָדער אין די פראָדוקציאָנס=צווייגען, וואָס אַדאַנק זייער געפערליכקייט פאַר'ן אַרבייטערס לעבען און זייער מינימאַלע לוין=בעצאָהלונג רעכענען זיי זיך פאַר פראָדוקציאָנען פון ניעדריגער קאַטעגאָריע. מיר וועלען זיך ערלויבען צו ברענגען נור איינינע טאַבעלען פון זיין ערנסטע אַרבייט, אום ניט מעהר מיעד צו מאַכען דעם לעזער.

טאַבעלע № 24 ווייזט אונז דעם אַנטייל פון אידישען קאַפּיטאַל אין 8 גובערניען—ווילנער, קאָוונער און גראָדנער אין דריי פראָדוקציאָנס=צווייגען—בראַנפען, ביר און טאַבאַק—אין וועלכע אידען פערנעהמען אויך יעצט נאָך אַ גרויס אָרט, און דאַן האָבען זיי געשפּיעלט די הויפט=ראָל אין זיי. פון 406 פאַבריקען און זאַוואָדען אין אַלע דריי גובערניען האָבען אידען געהאַט 271—ד. ה. 66,75 פראָצ. פון דער גאַנצער פראָדוקציאָן. פון 9,055,000 רוב. אַקציז האָבען אידען אָבגעצאָהלט נאָר 4,297,000; דאָס מאַכט אויס נור 47,45 פר. פונ'ם גאַנצען קאַפּיטאַל. מיר זעהען אַלזאָ, אַז דער פראָצענט פונ'ם אידישען קאַפּי=

טאַל אין דיזע פּראָדוקציאָנס־צווייגען, אין וועלכע ס'איז שוין דאַן געווען אַ גרויסע צאָהל אידישע אַרבייטער, איז קלענער אַלס דער פּראָצענט פֿון די אידישע פֿאַבריקען, אַנדערש געזאָגט, שוין אין 1886־טען יאָהר זענען די אידישע פֿאַבריקען און זאַוואָדען אין דיזע דריי פּראָדוקציאָנען געווען קלענער און אָרימער פֿון די ניט־אידישע.

אַסך אינטערעסאַנטער צום פֿערשטעהן פֿון דער בעזונדערער לאַגע, וועלכע דער אידישער אַרבייטער האָט שוין דאַן, אין 7—1886 יאָהרען, פֿערנומען אין דער טשערטאַ, זענען די דאַטען וועגען אידישע אַרבייטער אין אָדעס און ביעלאָסטאָק. אין דיזע צוויי שטעדט איז שוין דאַן געווען אַ הויך־ענטוויקעלטע פּראָדוקציאָן, אַ גרויסע אידישע בעפֿעלקערונג און אויך אַ גאַנץ גרויסע מענגע אידישע אַרבייטער, און ס'איז אינטערעסאַנט, אין וועלכע פּראָדוקציאָנס־צווייגען האָבען דאַן געאַרבייט די לעצטע.

טאַבעלע № 25 ווייזט אונז די פּראָדוקציאָנס־צווייגען, אין וועלכע די אידישע אַרבייטער זענען געווען פֿערנומען. אין טאַבאַק בילדען די אידישע אַרבייטער 96 פּראָצ., פּאַפּיער—60 פּראָצ., צינד־העלץ—61 פּראָצ. און אין די מעטאַל־און צוקער־פֿאַבריקען 4 און 3 פּראָצ.

טאַבעלע № 26 ווייזט אונז די אידישע פֿאַבריקען אין ביעלאָסטאָק פֿאַר 1887־טען יאָהר און די צאָהל אידישע אַרבייטער אין זיי. צום ערשט זעהען מיר, אַז שוין דאַן, אין 1887־טען יאָהר, האָבען אויף די אידישע פֿאַבריקען געאַרבייט כמעט אַ דריטעל ניט־אידישע אַרבייטער—28,4 פּראָצ. פֿון אַלע אַרבייטער אויף די אידישע פֿאַבריקען. אידישע אַרבייטער בילדען גאַנצע 100 פּראָצ. אין ביר, האַנד־שוה־און זאָקען, טאַבאַק־און בערשטען־פֿאַבריקען. דערנאָך ווערט דער פּראָצענט פֿון די אידישע אַרבייטער אַלץ קלענער, ער פֿאַלט אין קאָלדרעס־וועבעריי און פֿאַרבעריי־פֿאַבריקען, וואו אַם מעהרסטען ווערט גענוצט מעכאַנישע קראַפֿט, ביז 54 און 48 פּראָצ., וועניגער אַלס די העלפֿט.

## VIII.

מיר זעהען אין דער אידישער טשערטאַ אויפֿ'ן אָרט פֿון דער פּראָלעטאַריזירונג — פּויפּעריזירונג, אויפֿ'ן אָרט פֿון אינדוסטריאַליזירונג — סוועטינג־סיסטעם. דער אידישער קליין־איינענטימער—אי דער קלייניטשקער בעל־מלאכה, אי דער קרעמעריל—ווערט געטריבען אין די רייהען פֿונ'ם פּראָלעטאַריאַט ניט נור אַדאַנק דער ענטוויקלונג פֿונ'ם קאַפּיטאַליזמוס, וועלכער וואַקסט ביי יעדען פֿאָלק, נאָר אויך נאָך פֿון ספּעציפֿישע אורזאַכען, פֿון דער קאָנקורענץ פֿונ'ם אויסגעוואַקסענעם אָרטליכען קליינעם בירגער. די רוסישע פּויערשע מאַסען, אַרויסגעשטופּט פֿון דאָרף, וואַרפֿען זיך ניט נאָר אויף די שטאָדטישע פֿאַב־

ריק, נאָר אויך אויף אַנדערע אַרט אַרבייטען, און עס וואַקסען אויס נייע סוחרים, נייע בעלי־מלאכות, נייע קלייטניקעס—און די קאָנקורענץ ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. דער אידישער קליין־בירגער טרעט אָב דאָס אָרט דעם אויסגעוואַכסענעם נאַציאָנאַלען קליין־בירגער, טרעט אָב מיט אַ וועהטאָג אין האַרצען, ווייל זיינע פּערספּעקטיווען דרעהען זיך אַרום הונגער אויפ'ן אַלטען אָרט, שוויץ־סיסטעם אויף אַ נייעם אָרט, וואוהין ס'איז שווער אָנצוקומען. דער אידישער בעל־מלאכה פילט איבער די ווערקשטאַטען, אַרבייט 18 און 20 שעה אין מעת־לעת, בּיי די אונערטרעגליכסטע בעדינגונגען, אום צו קאָנקורירען מיט דער מאַשין. און מיר זעהען, אַז האַנד בּיי האַנד מיט דער גרויסער פאַבּריק וואַכּסען אויס צעהנדליגער אידישע ווערקשטאַטען, וואו דער אידישער פאַריע וואַרפט זיך אין קאַמפף מיט דער וואונדערשאַפענדע מאַשין, טרעט אַריין אין דער אונגלייכער מלחמה, אום נאָך אַמאָל אַרויסגעוואָרפען צו ווערען אויפ'ן גאַס, אַ מעהר אָבגעשוואַכטער, אַ אויסגעזויגטער, מיט שווינדזוכט אין בּרוסט. פּויפּעריזירונג—אָרימקייט און דחקות, נויט און הונגער אין פשוט'סטען זין פון דיזע ווערטער; סוויטינג־סיסטעם—איינגעפאַלענע בּרוסטען, אויסגערונענע אויגען, בּלייכע דאַרע אויסגעטריקענטע געזיכטער, קראַנקע שווינדזוכטיגע לונגען,—אַט דאָס איז דאָס הערשענדע בּילד אויף דער אידישער גאַס, אָט דאָס איז דער פעלד, אויף וועלכען דעם אידישען פאַבּריק־פּראָלעטאַריאַט קומט אויס צו קעמפפען פאַר פערבעסערונג פון בעדינגונגען, פאַר בּרייטע סאָציאַלע רעפאָרמען, פאַר'ן קינפטיגען אידעאַל... און ווער עס קען, לויפט פון דער אידישער גאַס, ווער ס'האָט נור פיזישען כח און פינאַנסאָווע מעגליכקייט פערלאָזט די פינסטערע אידישע גאַס, זוכט, וואַרפט זיך אין אַלע עקען פון דער וועלט.

ווי שטאַרק די עמיגראַציע פון דער אידישער טשערטאַ איז, קענען מיר זעהען פון טאַבעלע 28 №. מיר האָבען אין דער לעצטער די צאָהל פון דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג אין אָנהויב פון די 80 יאָהרען און אין 1897־טען יאָהר, שפּעטער מיט 15־16 יאָהר. דער פּראָצענט פון דער אידישער בעפעלקערונג בּיחס צו דער גאַנצער בעפעלקערונג אין דער טשערטאַ האָט געבילדעט אין אָנהויב פון די 80־ער יאָהרען 12,37 פּר. און אין 1897-טען יאָהר—נור 10,80 פּראָצ., ווייניגער אויף 1,57 פּראָצ. אויף יעדע טויזענד מאַן זענען בּיי דער ניט־אידישער בעפעלקערונג צוגעקומען 467 מענשען און בּיי דער אידישער נור 258, ווייניגער אויף גאַנצע 209 מענשען, ד. ה. אַז בּיי ניט־אידען זענען אויף יעדע 10 מענשען צוגעוואַכסען העכער 4 מיט אַ האַלבּע מאַן און בּיי אידען נור 2 אַ האַלבּע. די לעצטע 9 יאָהר איז די עמיגראַציע פיעל שטאַרקער געוואָרען, געוויס פערדאָפּעלט געוואָרען, און דער פּראָצענט פון דער אידישער בעפעלקערונג איז געוויס יעצט בּעדייטענד קלענער אַלס אין 97־טען יאָהר. די צאָהל פון די עמיגרירענדע יעהרליך קיין צפון־אַמעריקאַ גיט אונז אַ געוויסע פאָרשטעלונג וועגען דעם וואוכס פון דער עמיגראַציע נאָכ'ן 97־טען יאָהר.

עס האָבען עמיגרירט אידען קיין צפון אַמעריקאַ אין:

| | | |
|---|---|---|
| 1889-טען יאָהר | — — — | 31,363 |
| „ 1890 „ | — — — | 23,962 |
| „ 1891 „ | — — — | 34,303 |
| „ 1892 „ | — — — | 69,139 |
| „ 1893 „ | — — — | 30,325 |
| „ 1894 „ | — — — | 32,943 |
| „ 1895 „ | — — — | 22,108 |
| „ 1896 „ | — — — | 32,077 |
| „ 1897 „ | — — — | 28,188 |
| „ 1898 „ | — — — | 20,684 |
| „ 1899 „ | — — — | 37,415 |
| „ 1900 „ | — — — | 60,746 |
| „ 1901 „ | — — — | 58,098 |
| „ 1902 „ | — — — | 57,688 |
| „ 1903 „ | — — — | 76,000 |
| אין גאַנצען פאַר 15 יאָהר | — — — | 615,039 מאַן. |
| יעהרליך עמיגרירען | — — — — | 41,002 „ |

מיר זעהען אַלזאָ, אַז די לעצטע 4 יאָהר גרויכט די עמיגראַציע נאָר קיין אַמעריקאַ מעהר אַלס ביז 50.000 און פאַלט שוין פון דער מאָס ניט אראָב, ווען אין די ערשטע 11 יאָהר וויעגט זי זיך צווישען 20 און 40 טויזענד, דערגרייכענדיג אַ מאַקסימום פון 69 טויזענד נאָר אין 92-טען יאָהר, ווען מען האָט די אידען פון מאָסקווע אַרויסגעטריבען. מען קען ריכטיג זאָגען, אַז 60—50 טויזענד עמיגראַנטען נאָר קיין אַמעריקאַ איז יעצט די נאָרמאַלע ציפער, וועלכע וועט בלייבען אויף אַ לאַנגע צייט.

צום בעסערען פערשטעהען פון דער לאַגע פון'ם אידישען ארבייטער איז אינטערעסאַנט זיך אָבצושטעלען אויף דער עמיגראַציע פון פערשידענע ראַיאָנען, און דאָן בעמערקען מיר פאָלגענדעס: ביז'ן 97-טען יאָהר איז די הויפט-עמיגראַציע געגאַנגען פון די ליטווישע גובערניען, צפון-מערב-ראַיאָן און אויך פון דרום-מערב-ראַיאָן. פון די גובערניען פון דרום האָט מען נים נאָר ניט עמיגרירט, נאָר פערקעהרט, מען פלעגט נאָך פאָהרען אַהינצו פון אַנדערע גובערניען, ד. ה. ס'איז פאָרגעקומען אַ אימיגראַציע. דאָס לעצטע קענען מיר זעהען פון טאַבעלע № 29, וואו עס ווערט געוויזען דער וואוכס פון דער בעפעלקערונג בכלל און פון דער אידישער בפרט אין פערשיעדענע ראַיאָנען.

| ראיאָן. | פראָצ. פֿון דער אידישער בעפֿעלקערונג ביחס צו דער גאַנצער בעפֿעלקערונג. | |
|---|---|---|
| | אין די 80-ר יאָהרען. | אין 97-טען יאָהר. |
| צפֿון-מערב . . | 17,6 % | 14 % (פֿערקלענערונג 3,6 %) |
| דרום-מערב . | 11,24 % | 9,62 % (פֿערקלענערונג 1,62 %) |
| דרום. . . . | 7,4 % | 8,86 % (צוואוקס 1,46 %) |

אין די ליטווישע גובערניען איז דער פּראָצענט פֿון דער אידישער בעפֿעלקערונג ביחס צו דער אַלגעמיינער קלענער געוואָרען אויף גאַנצע 3,6 פּר., כמעט אויף א פֿינפֿטעל; אין דרום-מערב אויף 1,62 פּר. און אין דרום, פֿערקעהרט, האָט זיך דער פּראָצענט פֿון דער אידישער בעפֿעלקערונג שטאַרק פֿערגרעסערט — פֿון 7,4 פּראָצ. ביז 8,86 פּראָצ. — אויף גאַנצע 1,46 פּראָצ., ד. ה. כמעט אויף אַ פֿינפֿטעל. דער וואוכס פֿון דער בעפֿעלקערונג אויף יעדע 1000 נפשות ווייזט אונז פֿאָלגענדעס:

| ראיאָן. | דער צוואוקס אויף יעדע 1000 נפשות. | |
|---|---|---|
| | ביי אידען. | ביי ניט-אידען. |
| צפֿון-מערב . . | 134,35 | 488,73 |
| דרום-מערב . . | 166,81 | 377,98 |
| דרום. . . . | 980,04 | 625,12 |

מיר זעהען, אז דער צוואוכס איז ביי אידען דער קלענסטער אין די ליטווישע גובערניען און ביי ניט-אידען אין די דרום-מערב-גובערניען. אין דרום איז אי ביי אידען, אי ביי ניט-אידען דער צוואוכס א גראַנדיעזער, און ביי אידען דערצו נאָך 1 מיט א האַלבע מאָהל מעהר, אלס ביי ניט-אידען. די זאַך ערקלערט זיך דאַדורך, וואָס אין אַלגעמיינעם עמיגרירט מען פֿון פֿיעלע רוסישע גובערניען קיין דרום, בעזונדערס קיין כערסאָנער און יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניען.

און דאָ זעהען מיר די זעלבע ערשיינונג, וועלכע מיר געפֿינען ביי די אידישע עמיגראַנטען אין לאָנדאָן און פּאַריז; די אידישע ארבייטער אין יעקאַ=

טערינאָסלאַוו, אָדעס און חערסאָן, די דריי גרעסטע שטעדט אין גאַנצען דרום, וואו עס גיבט גרויסע אידישע מאַסען, זענען פֿערנומען אין די קליידער־ווערקשטאַטען, וועלכע דערמאָהנען שטאַרק אָן לאָנדאָנער סוועטינג־ווערקשטאַטען; דער אידישער אַרבייטער, וועלכער קומט אָן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו אָדער אָדעס, פֿערקויפֿט זיך אָדער דעם מאַגאַזינער אָדער דעם פֿערמיטלער, וועלכער צוטיילט אַרבייט אין די הייזער, אַקוראַט ווי אין לאָנדאָן. און מיט דעם זעלבען צוג קומען אָן ניט־אידישע אַרבייטער, וועלכע פֿערנעהמען אַ אָרט אין די גרויסע מעטאַל־פֿאַבריקען, קוילען־גרובען, וואַגאָן־זאַוואָדען, מיהלען און האָלץ־זאַוואָדען. מיט איין וואָרט, אויף דעם נאָך־ניט פֿערנומענען אַרבייטס־מאַרק אין דרום, אויף דעם אַרבייטס־מאַרק, וועלכער ענטוויקעלט זיך פֿאַר אונזערע אויגען, ווייזט זיך אַרויס דער אידישער אָנגעקומענער אַרבייטער שוואַכער, אַלס דער ניט־אידישער אויך אָנגעקומענער אַרבייטער. דער אידישער אַרבייטער קומט אָן זעלטען אין די העכערע פּראָדוקציאָנס־פֿאָרמען, זעלטענער, אַלס אין די גובערניען, וואו ער וואוינט פֿון לאַנג אָן, און האָט אַ גרויסע צייט געבילדעט דעם איינציגען האַנדעלס־ און האַנדווערקעריי־אַרבייטער; דער אידישער אַרבייטער האָט גאָר ניט גענומען פֿון דער „גאָלדענער צייט", וועלכע די פּראָדוקציאָן האָט איבערגעלעבט אין דרום די לעצטע 20—25 יאָהר. און אין דער צייט, ווען צעהנדליגער טויזענד פּויערים, אָבגעריסען פֿון דער ערד, האָבען פֿערכאַפּט אַ אָרט אין די גרויסע פֿאַבריקען און זאַוואָדען, בילדענדיג פֿון זיך אַ מעכטיגע סאָציאַלע און פּאָליטישע אַרמעע אין ניי־רוסלאַנד, האָבען די אידישע עמיגראַנטען נאָר פֿערביטען די אָרימע פֿינסטערע ווערקשטאַטען פֿון מינסק און ווילנאַ אויף די זעלבע אָרימע און פֿינסטערע קעלערס אין אָדעס און יעקאַטערינאָסלאַוו, בילדענדיג פֿון זיך אַ צווייטע און צוואָרפֿענע אין טויזענדער לעכער אָרימע אַרבייטער־מאַסע, וועלכע האָט שוין די לעצטע צייט זיך גענומען פֿאַר'ן וואַנדער־שטאָק, אום צו זוכען גליקען פֿון יענער זייט ים...

פֿאַר דיזען פֿינסטערען געגענוואַרט, זאָגט מען אונז, וואַרט די אידישע מאַסען אין רוסלאַנד אַ גאַנץ נאָהענטע ליכטיגע צוקונפֿט. דאָס אָבשאַפֿען פֿון דער טשערטאַ וועט גרינדליך ענדערען די לאַגע פֿון די אידישע האַנדעלנדע און אַרבייטענדע מאַסען; אין רוסישען צענטער וואַרט אויף די אידישע ערפֿאַהרענע סוחרים און ענטוויקעלטע בעלי־מלאכות אַ ברייט פֿעלד, און וויבאַלד זיי וועלען נאָר האָבען די רעכטליכע מעגליכקייט, וועלען זיי מאַסען־ווייז פֿערפֿלייצען דיזען געבענשטען מאַרק, אויפֿלעבענדיג אויך אין איינוועג די רוסישע מאַסען. מעהר היציגע קעפּ גיעבען נאָך צו, אַז די אינדוסטריע וועט מאַכען געוויס ברייטע שריט פֿאָרווערטס און די אידישע מאַסען וועלען לייכט געפֿינען אַ אָרט אין די וואַקסענדע און פֿון דאָס ניי אויסגעוואַקסענע פֿאַבריקען און זאַוואָדען. מיט איין וואָרט, מע שאַרפֿט, זאָ צו זאָגען, די ציין אויפֿ'ן צענטער.

מיר האָבען שוין העכער געהאַט די מעגליכקייט אָנצווייזען, ווי לעכערליך ס'איז צו ריידען וועגען אָבגעשטאַנענעם צענטער, וועגען רוסישע גובערניען, וואָס וואַרטען אויף אידישע ערפאַהרענע סוחרים און בעלי-מלאכות. מיר האָבען בעוויזען, אַז אי דער האַנדעל, אי די אינדוסטריע זענען אין די אינערע גובערניען שוין יעצט שטאַרקער ענטוויקעלט און ענטוויקלען זיך אינטענסיווער, אַלס אין דער טשערטאַ. מיר וועלען זיך יעצט ספּעציעל אָבשטע-לען אויפ'ן קאַמפּף פאַר אַרבייט, וועלכער קומט פאָר אין די אינערע גובערניען. דאָס איז איינע פון די וויכטיגסטע פראַגען, וועלכע מוזען ערנסט בעהאַנדעלט ווערען, ווען מיר ווילען זיך וויפיעל ס'ניט איז ערקלערען די אויסזיכטען, וועלכע די אידישע מאַסע קען האָבען אויף רוסלאַנד אין די נעכסטע צייטען.

ווי מיר האָבען שוין פריהער געזעהען, פערלאַפט דער אַרויסגעשטופּטער פויער פון די אינערע גובערניען אַ שטאַרק אָרט אין דער וואַקסענדער אינ-דוסטריע אין די דרום-גובערניען, ער טרעט אַריין אין קאַמפּף מיט'ן אידישען אַרבייטער אַלס עמיגראַנט, אַלס אַ אָנגעקומענער, און ווייסענדיג, ווי גרויס איז דיעזע אַרמעע פון וואַרטענדע אויף אַרבייט אין צענטער פון רוסלאַנד, ווייסענדיג ווי אונגעהויער איז די אַרמעע פון די קליינבירגערליכע און פּראָלעטאַרישע עלעמענטען אין אינערע גובערניען — פויערים גאָר אָהן ערד, פויערים מיט שטיקלאַך ערד, וואָס ברענגען זיי נאָר שאָדען, צעהנדליגע טויזענדער קוסטאַרען, הונדערטער טויזענדער באַטראַקען — וועלען מיר פערשטעהען, ווי גרויס איז אין רוסלאַנד די צאָהל קאַנדידאַטען אויף יעדען פּלאַץ אויף דער פאַבריק, וואָס פאַר אַ געפערליכער קאַמפּף עס שטעהט פאָר אין רוסלאַנד פאַר אַ אָרט אין דער אינדוסטריע. אָט וואָס מאַסלאָוו שרייבט אין זיין „אַגראַר-פראַגע" וועגען דער רעזערוו-אַרמעע, וועלכע מוז שטענדיג עקסיסטירען אין די אַגראַר-לענדער אין אַ גרעסערע מאָס, אין אַ שטאַרק גרעסערער מאָס, אַלס אין די אינדוסטריעלע לענדער: „ווען מיר זאָלען צוזאַמענשטעלען די ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און אַגרי-קולטור, וועלען מיר מוזען אַנערקענען, אַז די אינדו-סטריע אינם פּראָצעס פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג בעשעפטיגט אַלץ מעהר אַרבייטער-בעפעלקערונג און נאָר אין קריזיס-פּעריאָדען ווערען די אַר-בייטער אַרויסגעוואָרפען און ס'ווערט בעשאַפען אַ שאַרפע אַרבייטס-לאָזיגקייט. די צאָהל פון די אַרבייטס-לאָזיגע אין דער אינדוסטריע וואָלט אַלץ בעדאַרפט קלענער ווערען, ווען זי זאָל ניט וואַקסען אַדאַנק דער כראָנישער איבער-בעפעלקערונג פון דער אַגראַר-בעפעלקערונג. די אַגראַר-קולטור, אַרויסוואַרפענדיג שטענדיג אַרבייטער-הענד, בעשאַפט אַ שטענדיגע רעזערווע אַרבייטער-אַרמעע, פויפערן, וועלכע וואַרפען אַראָב די אַרבייטס-לוין ניט נאָר אין דער אַגראַר-אַרבייט, נאָר אויך אין דער אינדוסטריע"*). מאַסלאָוו איז דער מיינונג, אַז די אָרימקייט אין רוסלאַנד נעהמט זיך מעהר דערפון, וואָס די אינדוסטריע

*) די אַגראַר-פראַגע, זייטע 393.

איז נים ענטוויקעלט, אלס פון דער וועניג ערד, וואס די פויערים האבען, און ברייננט פאלגענדע ציפערן, וועלכע אילוסטרירען זיין געדאנק. אויף איין מענש קומט אן ערד אין פערשיעדענע לענדער:

| | גוטע ערד אויף איין מענשען פון דער גאנצער בעפעלקערונג. | גוטע ערד אויף איין מענשען פון דער אגראר־בעפעלקערונג. |
|---|---|---|
| קאנאדא . . . . . . . | 2,2 דעסיאטין | 4,60 דעסיאטין |
| צ.—אמעריקא . . . . . | 2,1 „ | 4,40 „ |
| ענגלאנד . . . . . . | 0,48 „ | 2,82 „ |
| רוסלאנד . . . . . . | 2,01 „ | 2,59 „ |

מיר זעהען אלזא, אז אבוואהל אין ענגלאנד גיעבט עס אויף איין מענשען בכלל 0,48 דעסיאטין, וועניגער אלס אין רוסלאנד מעהר ווי 4 מאהל, קומט דאך אן אויף יעדען נפש פון דער אגראר־בעפעלקערונג 2,82 דעסיאטין, מעהר אלס אין רוסלאנד, וואו אויף יעדען נפש קומט אן נאר 2,59 דעסיאטין. דאס מוז ערקלערט ווערען דאדורך, וואס די גרעסטע צאהל איינוואוינער זענען אין ענגלאנד פערנומען אין דער אינדוסטריע, ווען אין רוסלאנד, פערקעהרט, פערנעהמט דערוויייל די אינדוסטריע זעהר א קליינע צאהל ארבייטער אין פערגלייך מיט דער גאנצער בעפעלקערונג.

דער וואוכס פון דער בעפעלקערונג איז געגאנגען שנעלער, אלס דער וואוכס פון דער אינדוסטריע, און אין רוסלאנד, אין א לאנד וואו ס'גיעבט יעצט אין מיליאנען רואינירטע פויערים, מיליאנען ארימע קוסטארען, מיליאנען ארבייטער, וועלכע געהען צו פוס צעהענדליגער ווערסט צו פערדינען נאר ברויט,—אין אזא לאנד וועלען נאך א גאנץ לאנגע צייט זיין גרויסע רעזערווע ארמעען, דער קאמפף פאר ארבייט וועט זיך אלץ שטארקער פונאנדערברענען, יעדער ארט אויף דער פאבריק וועט האבען צעהנדליגער קאנדידאטען. איינער פון די בעסטע סימפטאמען, אז אויפ'ן מארק איז דא איבריגע ארבייטס־קראפט, איז די עמיגראציע. ווען ס'פארען אוועק יונגע מענשען, ווען יונגע קרעפטען פערלאזען וואסער ס'ניט איז ארט, איז דאס דער בעסטער בעוויז, אז דארטען איז לחלוטין ניטא וואס צו טהאן, אז אין די פערלאזענע ערטער דראהט דער הונגער. און דא בעמערקען מיר זעהר א אינטערעסאנטע ערשיינונג. די רוסישע עמיגראציע קיין סיביר געהט איבערהויפט פון די אינערע גובערניען און ניט פון דער טשערטא און לעבט איבער כמעט די זעלבע ענטוויקלונג, וואס די אידישע עמיגראציע. די אידישע עמיגראציע הויבט זיך אן אין די 70 יאהרען, ווען דער קאפיטאל האט זיך נור וואס אריינגעריסען

אין די אידישע געסלאַך און די דיפֿערענצירונג אויף קלאַסען, וועלכֿע איז פֿריהער כּמעט ניט געווען בּעמערקט, ווערט אַלץ שאַרפֿער און שאַרפֿער. דאָס רוסישע דאָרף, בּעפֿרייט אין 61=טען יאָהר, בּעקומט אין איין צעהנדליג יאָהר אַ נייע געשטאַלט: אויפֿ'ן אָרט פֿונ'ם דעספּאָט=פּאָמעשציק וואַקסט אויס דער גרויסער ערד=בּעזיצער—דער מאָדערנער עקספּלואַטאַטאָר. אין שטאָדט הויבּט אָן קלאַפּען די מאַשין שטאַרקער און רייסט זיך אַריין אין דאָרף, צושטערענדיג דאָס לעבּען פֿון צעהענדליגער טויזענדער פּויערים און אַיינשלינגענדיג טויזענדער. און אויפֿ'ן אַרבּייטס=מאַרק ערשיינט דער פֿעראָרימטער אַרויסגעשטופּטער פֿון דאָרף פּויער. דער פֿעראָרימטער אידישער מעקלער, קרעמער אָדער בּעל=מלאכה זוכֿט אַ אָרט פֿון יענער זייט ים, דער רואינירטער רוסישער פּויער זוכֿט איין אָרט אין ווייטען סיבּיר—און די ניי=אויסגעבּויטע צוגען הויבּען אָן איבּערגעפֿילט צו ווערען פֿון דיזע פּאַסאַזשירען. צום ערשט איז די עמיגראַציע זעהר קליין — פֿון 2,000 בּיז 4,000 אידען אַ יאָהר עמיגרירען קיין אַמעריקאַ, פֿון 2,000 בּיז 3,000 פּויערים אַ יאָהר עמיגרירען קיין סיבּיר. ס'קומט דאָס היסטאָרישע יאָהר 1881, ווען די אידישע עמיגראַציע גרייכֿט בּיז 20,000, און די רוסישע שטעהט אויך ניט אָב—74,000 עמיגראַנטען זענען אין דעם יאָהר איבּערגעפֿאָהרען קיין סיבּיר. ווי די אידישע עמיגראַציע האָט זיך ווייטער ענטוויקעלט, האָבּען מיר שוין אויבּען געזעהען; מיר וועלען בּריינגען נאָר די ציפֿערען פֿון דער רוסישער עמיגראַציע.

עס האָבּען עמיגרירט נאָר קיין סיבּיר אין:

| | | |
|---|---|---|
| 1885=טען יאָהר — — — | 11,832 | מענשען. |
| 1890 „ „ — — — | 47,738 | „ |
| 1891 „ „ — — — | 82,150 | „ |
| 1896 „ „ — — — | 202,302 | „ |
| 1898 „ „ — — — | 205,646 | „ |
| 1899 „ „ — — — | 223,981 | „ |
| 1900 „ „ — — — | 230,000 | „ |
| סך=הכּל אין 7 יאָהר — | 1,003,289 | „ |
| דורכֿשניטליך יעהרליך | 143,289 | „ |

פֿון וועלכֿע ערטער עמיגרירט דער פּויער איבּערהויפּט? פֿון 67,041 משפּחות, אָדער 335,205 נפשות, רעכֿענענדיג 5 נפשות אין יעדער משפּחה, וועלכֿע זענען דורכֿגעפֿאָהרען מיט'ן בּאַהן קיין סיבּיר, פֿון 1887=טען יאָהר בּיז 1893=טען יאָהר זענען 57,140 משפּחות אָדער 285,700 נפשות, ד. ה. גאַנצע $^5/_6$ פֿון דער עמיגראַציע געווען פֿון פֿאָלגענדע גובּערניען:

| | | |
|---|---|---|
| פֿון קורסקער גובּערניע | 10,785 משפּחות— | 53,925 נפשות. |
| „ טאַמבּאָווער „ | 6,796 „ | 33,980 „ |
| „ וואָראָנעזשער „ | 5,588 „ | 27,940 „ |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| פֿון וויאַטקער גובערניע | 5,356 | משפחות— | 26,780 | נפשות |
| " סאַמאַרער " | 5,072 | " | 25,360 | " |
| " פערמער " | 4,547 | " | 22,735 | " |
| " פּאָלטאַווער " | 3,643 | " | 18,215 | " |
| " ריאַזאַנער " | 3,139 | " | 15,695 | " |
| " סאַראַטאָווער " | 2,635 | " | 13,175 | " |

ווי מיר זעהען געהט די רוסישע עמיגראַציע פֿון די אינערע גובערניען, און פֿון דער טשערטאַ נאָר פֿון איין פּאָלטאַווער גובערניע. מיר מוזען נאָך צוגעבען, אַז עס פֿאָהרען אַרויס קיין סיביר די גליקליכסטע, די וואָס האָבען אויף הוצאות, אָבוואָהל זיי האָבען שוין ניט קיין אייגענע ווירטשאַפֿט אין דער־היים. פֿון 6,817 פֿערעגיסטרירטע עמיגראַנטען זענען 569—8,3 פראָצ.—געווען פויערים—זעלבסטשטענדיגע בעלי־בתים; 762—11,2 פראָצ.—זענען אויך געווען זעלבסטשטענדיגע בעלי־בתים, וועלכע האָבען אָבער נאָך צוגעפֿער־דינט ביי אַנדערע געשעפֿטען, און 5,567 ד. ה. 81,7 פר. אַזעלכע, וואָס לעבען נור פֿון דעם, וואָס זיי האָבען פֿערקויפֿט זייער אַרבייטס־קראַפֿט. דאָך, ווי מיר האָבען שוין בעמערקט, דאָס זענען די גליקליכסטע, ווייל עס בלייבט אַ סך אַ גרעסערע צאָהל אויפ'ן אָרט, וועלכע האָבען ניט מיט וואָס צו פֿאָרען און זענען געצוואונגען געהן צו פֿוס אויף דרום, אויף די זאָגענאַנטע „זאַראַבאָטקעס".

נאָך קאָוואַלעווסקי'ס חשבון גיעבט עס איבריגע אַרבייטס־הענד אין דער אַגראַר־קולטור אין די פֿאָלגענדע גובערניען:

| | | |
|---|---|---|
| ניזשעגאָראָדער גוב. | 15 | פראָצ. פֿון דער גאַנצער בעפֿעלקערונג. |
| קאַזאַנער " | 14,5 | " " " " " |
| סימבירער " | 20,5 | " " " " " |
| פענזער " | 20 | " " " " " |
| אָרלאָווער " | | |
| טאַמבאָווער " | | |
| טשערניגאָווער " | | |
| ריאַזאַנער " | | |
| טולער " | | |
| קורסקער " | | |
| חאַרקאָווער " | 24 | " " " " " |
| וואָראָנעזשער " | | |
| פּאָלטאַווער " | | |
| קיעווער " | 386,000 | מענשען, וואָס געפֿינען ניט קיין שום פֿערדינסט. |
| פּאָדאָלער " | | |
| וואָהלינער " | | |

און קאָוואַלעווסקי קומט צו דער מיינונג, אַז דיעזער איבערפֿלוס פֿון אַרבייטער וועט עקסיסטירען נאָך אַ לאַנגע צייט.

שוין אין 1894-טען יאָהר זענען געווען אַגראַר-אַרבייטס-לאָזיגע נאָך דעם חשבון פֿון פֿינאַנס-מיניסטער 2,074,000. דיעזע גרויסע אַרמעע אָרימע לייט, וועלכע זענען גרייט צו פֿערקויפֿען זייער אַרבייטס-קראַפֿט פֿאַר 5 קאָפּ. אַ טאָג,*) מאַכען די קאָנקורענץ אויפֿ'ן אַרבייטס-מאַרק געפֿעהרליך, שרעקליך און אונערטרעגליך. ס. קאָראָלענקאָ, איינער פֿון די בעסטע קענער פֿונ'ם רוסישען דאָרף, מיינט, אַז ווען מיר זאָלען רעכענען אויף יעדער דערוואַקסענעם אַרבייטער נאָר 2 מיט אַ האַלבע דעסיאַטין ערד, וואָלט אויך געווען אין 21 גובערניעס פֿון צענטראַל-רוסלאַנד ביז 5,000,000 איבעריגע מענשען. פֿון זיי קענען 2,500,000 געפֿינען אַרבייט אין אַנדערע גובערניען, מערסטענטיילס אין די דרום-גובערניען: חערסאָן, דאָן, יעקאַטערינבורג. אי דאָס מוז מען נאָך געדענקען, אַז די אַרבייט אין דיעזע אַלע 21 גובערניען איז שרעקליך אונפּראָדוקטיוו, ווייל מען בענוצט זיך מיט דער פּרימיטיווער טעכניק. ווען די פּויערים וואָלטען זיך בענוצט מיט דער מאָדערנער טעכניק, וואָלטען זיי געקאָנט זיך בעגעהן מיט 3 מאָהל ווייניגער אַרבייטער.

וועגען די, וואָס געפֿינען אַרבייט אין אַנדערע גובערניען, איז זעהר פֿיעל אָנגעשריבען געוואָרען. מיר וועלען זיך בעגנוגנען דערמיט, וואָס מיר וועלען נאָר זאָגען, אַז נאָך איליאינ'ס חשבון זענען אין רוסלאַנד דאָ 6,000,000, וואָס געהען אויף פֿערדינסט (Отхожіе промыслы). מערסטענטיילס, טאַקי גאַנצע 90 פּראָצ. פֿון דיעזע 6 מיליאָן געהען פֿון די צענטראַלע גובערניען.

אום צו פֿערשטעהען די שרעקליכע לאַגע פֿון די 6 מיליאָן פּראָלעטאַריער גענוגט אונז צו זאָגען; אַז 90 פּראָצ. פֿון זיי געהען צו פֿוס נעבען טייך, וואו ס'געהען שיפֿען, אויף די וועגען, וואו ס'געהען אייזענבאַהנען. אין איין חערסאָנער גובערניע קומען אָן צו פֿוס יעהרליך 125,000 מענשען. רעכענען מיר מינימום 10 טעג אויפֿ'ן געהן און 25 קאָפּ. דעם אַרבייטס-טאָג, דאַן וועלען מיר געפֿינען, אַז נור די אַרבייטער, וואָס קומען אָן קיין חערסאָנער גובערניע פֿערלירען אַ יאָהר 1,250,000 טעג אָדער 312,500 רובל. די גאַנצע מיליאָניגע אַרמעע פֿון דיעזע רוסישע באַטראַקען פֿערלירען עטליכע מיליאָן רובל אַ יאָהר. אַ לאַנד, וועלכעס קאָן לאָזען מיליאָנען אַרבייטער געהן צו פֿוס און נוצט זיי ניט אוים, וועט אַזוי גיך ניט פֿריי ווערען פֿון אַרבייטס-לאָזיגקייט, אָרימקייט, הונגער און נויט. די אָרימקייט פֿון די, וואָס געהען אויף דער אַרבייט, איז ניט צו בעשרייבען. טרוקען ברויט מיט וואַסער — דאָס איז די איינציגע שפּייז פֿון דיעזע אומגליקליכע מענשען. פֿון חאַרקאָוו קיין טאַגאַנראָג זענען דורכגעגאַנגען 910 אַרבייטער. מען האָט זיי אַלע איבערגעשריבען, און אָט ווי פֿיעל געלד יעדער פֿון זיי האָט געהאַט ביי זיך:

*) ס. י. ליסענקאָ אויפֿ'ן צוזאַמענפֿאָהר פֿון די עסקנים אין דער קוסטאַר-פּראָדוקציאָן.

| | |
|---|---|
| וועניגער פון 5 רובל — — — | 260 מענשען |
| פון 5 ביז 7 רובל — — — | 230 „ |
| „ 7 „ 10 „ — — — | 300 „ |
| „ 10 „ 15 „ — — — | 90 „ |
| „ 15 „ 20 „ — — — | 20 „ |
| מעהר פון 20 „ — — — | 10 „ |

87 פראצ. פון אלע 910 ארבייטער האבען געהאט נאר ביז 10 רובל. צו דיזע אונגעהויערע הונגעריגע מאסען, וועלכע ווארטען מיט הארץ־קלאפעניש אויף די פאבריק, מוז מען נאך צוגעבען 4 מיליאן קוסטארען, פון וועלכע, ווי אילאין מיינט, 2 מיליאן ארבייטען ביי די ערגסטע בעדינגונגען, ווערען שרעק־ליך עקספלואטירט און פיהרען א „שרעקליכען קאמפף פאר א ארט אויף דער פאבריק“ *).

ווי מיר זעהען, גיעבט עס אין רוסלאנד און בעזאנדערס אין די אינערע גובערניען א אונגעהויערע פראלעטארישע ארמעע, וועלכע פיהרט און וועט נאך לאנג פיהרען א שרעקליכען קאמפף פארן דאזיין, א געפעהרליכע מלחמה פארן עקסיסטענץ אין פיזישען זינן פון ווארט. און צו האפען, אז די קאנקורענץ אויפ'ן ארבייטס־מארק זאל אבגעשוואכט ווערען, אז די אינערע גובערניען זאלען זיך נאך נויטען אין עמיגרירענדע ארבייטס־קראפט פון דער טשערטא — אזעלכע האפנונגען בעווייזען נאר, אז די וואס האפען זענען עם־הארצים אדער אויבער־פלעכליכע מענשען. רעכענען מיר, ווי אילאין מיינט, אז פון די 6 מיליאן אטכאדטשיקעס קענען א העלפט געפינען ארבייט אין דער אגראר־קולטור פונם דרום, בלייבען אלץ איבער 3 מיליאן ארבייטס־לאזיגע און 2 מיליאן קוסטאר־ארבייטער — 5 מיליאן ארבייטער, וועלכע זענען גרייט צו קעמפפען פאר א ארט אויף דער פאבריק ביז'ן לעצטען טראפען בלוט, ווייל שטארבען פון הונגער ווילען זיי קיינמאהל ניט אנווערען. און די ווייטערע ענטוויקלונג פונם קאפיטאליזמוס, וועלכע וועט זיך טאקי פערשטארקען אראנק דער פאליטישער בעפרייאונג, דיזע ענטוויקלונג וועט פארטזעצען איהר ארבייט — אלץ ווייטער און טיעפער צושטערען און צוברעכען דאס דארף, ארויסווארפענדיג אין שטאדט מאסען פערארימטע פויערים, מאסען געפאלענע מיטעלע עלעמענטען — און דער קאמפף פאר ארבייט וועט זיך נאך פערשארפען, פערשטארקערען, פערלא־פען נאך ברייטערע שיכטען פון לאנד. אזוי איז שוין די צוויי־פנים'דיגע טבע פונם קאפיטאל — שאפענדיג רייכטהום און לוקסוס אויף איין זייט, שאפט ער ארימקייט און נויט אויף דער צווייטער זייט.

די ארבייטס־לאזיגקייט אין דער קאפיטאליסטישער ארדנונג איז ניט א צופעליגע ערשיינונג און נאך וועניגער איז זי א רעזולטאט פון פיזישע אונפער־מיידליכע אומגליקען — זי איז ענג פערבונדען מיט דער גאנצער ווירטשאפטס־

*) די ענטוויקלונג פון קאפיטאליזמוס אין רוסלאנד, זייטע 355.

סיסטעם, און נאר צוזאמען מיט'ן קאפיטאליזם, מיט זיין אבשטארבען וועט אויך די ארבייטס=לאזיגקייט פערשווינדען פון דער וועלט. ווי גרויס עס איז די ווירקונג פון דער ארבייטס=לאזיגער ארמעע אויף די פערנומענע ארבייטער פון איין זייט און אויף דער בורזשואזיע, וועלכע ציטערט פאר א סאציאלע קאטאסטראפע פון דער צווייטער זייט, ווייזט אונז, ווי ערנסט די רעגירונגען זענען פעראינטערעסירט מיט דער פראגע און ווי טיעף ס'האט זיך געפיהלט אויפ'ן אינטערנאציאנאלען אמסטערדאמער קאנגרעס אין די רעדען וועגען עמיגראציאן און אימיגראציאן דער פחד פאר דיעזע קאנקורענטען. זעהר א שווערען איינדרוק אויף די דעלעגאטען אין אמסטערדאם האט געמאכט די רעדע פונ'ם אמעריקאנער, אז מען מוז אונטערשיידען צווישען ארבייטער פון ציוויליזירטע לענדער און ארבייטער פון ניט=ציוויליזירטע, און דארום האבען די אמעריקאנישע געווערקשאפטען געמוזט זיין פאר'ן פערבאט פון ארייננפאהרען פון חינעזישע ארבייטער. „עס מעג רעאקציאנער קלינגען — האט מיט הארץ געענדיגט דער דערמאהנטער דעלעגאט — עס איז אבער אונפערמיידליך, אויב מיר ווילען ניט אין גאנצען טוידטען די ארבייטער=בעוועגונגען“ *). „עס איז פאר אונז א לעבענס=אינטערעס — האט ער פארטגעזעצט — אבצוהאלטען דעם אריינפאר פון די נעגרען און חינעזער“ **). דער האמבורגער דעלעגאט האט אפעלירט צו מארקסען, וועלכער וואלט געוויס ניט געפאדערט פון די ארבייטער פון די ענטוויקעלטע לענדער, זיי זאלען פריי אריינלאזען ארבייטער פון די ניט=ענטוויקעלטע לענדער און דערמיט פערערגערן זייער אייגענע לאגע. אין דיעזע אלע דעבאטען האט זיך געהערט דער קול פון לעבען, וואו עס קומט פאר א שרעקליכע קאנקורענץ פאר ארבייט, וואו די ארגאניזירטע ארבייטער=ארמעע ווערט בעדראהט צורואינירט צו ווערען פון די ארבייטס=לאזיגע מאסען, וואו דער הונגער פון די מאסען דראהט צו מאכען א תל פונ'ם גאנצען רייכטום. די סאלידאריטעט פונם אינטערנאציאנאלען פראלעטאריאט קען ניט דערשטיקען די צווישען=קלאסען=קאנקורענץ, וועלכע קומט פאר אין לעבען אדאנק דער געגענזעצליכער קאפיטאליסטישער ארדנונג; דער אלגעמיינער קאמפף פארן קינפטיגען אידעאל קאן ניט פערניכטען די טאג=טעגליכע שטרעבונג פון יעדען ארבייטער צו פערבעסערען זיין לאגע באלד, וויפיעל ס'איז מעגליך, און פאלגליך קען דער אינטערנאציאנאלער אידעאל ניט פערניכטען די שטרעבונג פון גאנצע גרופפען צו פערהיטען זיך פון דער קאנקורענץ פון א צווייטער גרופפע.

אין די אויבענדערמאהנטע פאלען טרעטען ארויס, אלס צווייטע גרופפע, כינעזער און נעגרען, ארבייטער פון ניט=ציוויליזירטע לענדער. פרינציפיעל, פערשטעהט זיך, ענדערט זיך דערפון ניט די לאגע. נאר חוץ דיעזער קאנקורענץ, וועלכע עקסיסטירט און מוז עקסיסטירען ווי לאנג דער קאפיטאליזם.

*) אינטערנאציאנאלער סאציאליסטען-קאנגרעס אין אמסטערדאם, זייטע 52.
**) Ibid.

עקסיסטירט, צווישען די ארבייטער זעלבסט און צווישען גאנצע ארבייטער=גרופפען, ווי צווישען פערשידענע נאציאנאלע בורזשואזיען, אבוואהל די קאנקורענץ צווישען די ארבייטער קען אננעהמען און נעמט טאקי אן ווייכערע פארמען, אדאנק דער סאלידאריטעט, וועלכע ענטוויקעלט זיך פון טאג צו טאג אלץ שטארקער צווישען די פראלעטאריער פון די פערשיעדענסטע לענדער; חוץ דיעזער אביעקטיווער קאנקורענץ, אין וועלכער דער ארבייטער פון דער שוואכערער גרופפע מוז זיין דער בעזיגטער, קומט צו נאך איין מאמענט, וועלכער פערהאלט אפט דאס אריינטרעטען פון א ארבייטער פון א שוואכערע גרופפע אין די העכערע פראדוקציאנס=פארמען. די בורזשואזיע זעלבסט, אבוואהל זי איז פעראינטערעסירט אין דעם עקסיסטירען פון א ארבייטס=לאזיגע ארמעע, איז זי אויך אין ניט קיין קלענערע מאס פעראינטערעסירט, אז די ארמעע זאל ניט דערגרייכען אזעלכע גרענצען, ווען זי ווערט געפעהרליך פאר דער גאנצער געזעלשאפט, אז דיעזע ארמעע זאל בעשטעהן פון אזעלכע עלעמענטען, וועלכע מע קאן לייכט נויטען צו פערלאזען דאס ארט און זוכען גליקען ערגעץ — ווייט אין די נאך=ניט בעארבייטע לענדער, און, זעלבסטפערשטענדליך, אז די ארבייטס=לאזיגע פון א פרעמדער נאציאן זענען פיעל=וועניגער געפעהרליך פארן הערשענדען בורזשוא, אלס די ארבייטס=לאזיגע פון דער הערשענדער נאציאן. דאס אלעס בלייבט אין זיין קראפט נור ביז וואנען די ארבייטס=קראפט פון ביידע גרופפען געפינט זיך אין איינע און די זעלבע בעדינגונגען. ווי באלד אבער די פרעמדע ארבייטס=קראפט פערקויפט זיך פאר ביליגער, אדער זי איז פראדוקטיווער, דאן, פערשטעהט זיך, ענדערט זיך די לאגע.

אום אבער צו וויסען גענוי די בעדייטונג פון דער פראגע פון די ארבייטס=לאזיגע, וועלען מיר זיך ערלויבען עטוואס לענגער אבשטעלען אויף איהר, אנווייזענדיג די פארמען, וועלכע זי האט אנגענומען אין פערשידענע עפאכען, די גרענצען, וועלכע זי דערגרייכט יעצט אין איינציגע לענדער, איהר מאס אויף דער אידישער גאס און איהר ווירקונג אויף דער אידישער פאבריק=ארבייטער=מאסע.

---

## IX.

די ארבייטס=לאזיגקייט, אבוואהל זי האט עקסיסטירט אינ'ם אלטערטהום און אויך אין מיטעלאלטער, האט דאך קיינמאהל ניט אנגענומען אזעלכע שארפע און שרעקליכע פארמען, און דער עיקר, זי האט קיין מאל ניט אזוי שטארק געווירקט אויף די ארבייטער, וואס זענען געווען פערנומען אין געוויסע פראדוקציאנס=צווייגען, ווי אין דער קאפיטאליסטישער ארדנונג. די אבהענגיגקייט פון פערשידענע בעפעלקערונגס=טיילען פונאנאנדער איז קיינמאל ניט געווען אזוי שטארק, ווי אין דער קאפיטאליסטישער ארדנונג, און דערום האבען די הונגערענדע מאסען ניט געקענט זיין אזוי געפעהרליך פאר די ארביי=

טענדע. אַבוואָהל די דיפֿערענציִרונג אין קלאַסען האָט שוין געדריקט אויך די
אַלטע וועלט, דאָך איז דיזע צושפּאַלטונג ניט טיף געגאַנגען אַדאַנק דער
פּרימיטיווער אונענטוויקעלטער טעכניק, און דער גרעסטער טייל פֿון דער
אַלטער געזעלשאַפֿט איז דאָך געבליבען בײַ דער ערד־בעאַרבײַטונג, בײַ קלײַנע
האַנד־ווערקעריי און האַנדעלס־אונטערנעמונגען. אין רוים זענען געווען פֿאַבריי־
קען, נור ניט אין׳ם מאָדערנעם זין פֿון וואָרט. מען האָט צונויפֿגעטריבען אַ
גרויסע מענגע קנעכט, וועלכע האָבען געאַרבײַט צוזאַמען. פֿון אַרבײַטס־צוטיי־
לונג אָדער טעכנישע אומענדערונגען איז די רעדע ניט געווען. די גרעסטע
טייל פֿון דער פֿרייער געזעלשאַפֿט איז בעשטאַנען פֿון קלײַנע אײַגענטימער:
די קנעכט, ווען זיי זענען איבעריג געוואָרען, האָט מען זיי פֿערקויפֿט אין אַ
אַנדער לאַנד פֿאַר גראשען. געוויסע טיילען פֿון פויערים זענען אויך דאַן אַרויס־
געוואָרפֿען געוואָרען אויפֿ׳ן אַרבײַטס־מאַרק, דאָס איז אָבער ניט געווען גע־
פֿעהרליך פֿאַר די פויערים, וואָס זענען געבליבען בײַ זייער שטיקעל ערד,
אָבגעריסען און אונאַבהענגיג פֿון דער גאַנצער אַרומיגער וועלט. די גרויסע
שטעדט, וואו ס׳האָבען זיך צונויפֿגעקליבען גרויסע מאַסען פֿון „ליידיג־גהער“,
האָבען צייטענווייז, אַדאַנק דער דעמאָקראַטישער אָרדנונג, וואָס האָט געהערשט
אין פֿילע פֿון זיי, אָנגענומען פֿערשידענע מיטלען ווי צו בעפֿרידיגען דיזע
עלעמענטען. מעהרסטענס האָט מען זיי געשפּייזט אויפֿ׳ן חשבון פֿון מלוכה—
און דאָס האָט געפֿיהרט צו ענטאַרטונג פֿון לאַנד; זעלטען האָט געטראָפֿען, אַז
מען האָט זיי בעטיילט מיט ערד אָדער געשיקט אין קאָלאָניען.

דער מיטעלאַלטער האָט ביז׳ן XII און XIII יאָהר־הונדערט כמעט ניט
געוואוסט פֿון אַרבײַטס־לאָזיגקייט, און ווי נאָר ס׳ענטוויקלען זיך די שטעדט,
ווערען שוין צוגענומען מיטלען, ווי זיך צו שיצען פֿון דער קאָנקורענץ פֿון די
אַרבײַטס־לאָזיגע. יעדער צעך האָט אַ בעזונדערע קאַססע צו אונטערהאַלטען די,
וואָס האָבען קיין אַרבײַט ניט. די לעצטע האָבען דאָך קיין גרויסען געפֿאַהר
דאַמאַלס ניט געשאַפֿען, ווייל די שטעדט האָבען זיך ערשט אָנגעהויבען ענט־
וויקלען און האָבען געפֿאָדערט אַרבײַטס־קראַפֿט, און ערד צו בעאַרבײַטען איז
נאָך אויך געווען אין אַ גענוגענדער מאָס. די בעפֿעלקערונג וואַקסט אָבער און
צום XV יאָהרהונדערט טרעפֿען מיר כמעט אין אַלע לענדער, בעזונדערס אין
די ענטוויקעלסטע, שרעקליכע געזעצען געגען די זאָגענאַנטע „ליידיג־
געהער“. אין דער ערשטער העלפֿט פֿון מיטעלאַלטער האָט די אָרגאַניזאַציאָן
געהערשט אין אַלע צווייגען פֿון ווירטשאַפֿטליכען לעבען: האַנדעלס־פֿערבאַנדען,
האַנדווערקער־צעכען, פֿעאָדאַלע ערדאַרבײַטער און אַרענדאַטאָרען—און עס איז
פֿערשטענדליך, אַז בײַ אַזאַ אָרדנונג פֿון עקאָנאָמישען לעבען מוז די קאָנקו־
רענץ אינגאַנצען אָבגעשוואַכט ווערען. עטוואָס אַנדערס זעהען מיר צום סוף
פֿון מיטעלאַלטער, ווען די אויסגעוואַקסענע עקאָנאָמישע בעדערפֿניסען האָבען
אָנגעהויבען צורייסען און צושטערען די אײַנגעשטעלטע, פֿריהער נוצליכע
יורידישע נאָרמען—און די קאָנקורענץ ווערט דער לייט־מאָטיוו פֿון דער גאַנצער

נייער ערשט־וואקסענדער וועלט. די וואס האלטען נאך די פאליטישע מאכט אין זייערע הענד, פערמשפט'ן צום טוידט דיזע הונגעריגע מאסען, וועמענס פערברעכען איז געווען נאר דאס, וואס זיי האבען געזוכט ארבייט אום פארט־צוזעצען זייער עקסיסטענץ. ענגלאנד געהט אן דער שפיצע פון ווירטשאפטליכע און טעכנישע ענטוויקלונג און זי שאפט אויך אזוינע געזעצען וועגען ארימע און ארבייטס־לאזיגע, אז ס'איז שווער צו גלויבען: מען הענגט, מען זעצט אין טורמעס און מען מוטשעט, מען שמייסט און מען קאליעטשעט הונדערטער מענשען. די ערשטע סימפטאמען פון דער קינסטליכער ווילדקייט פון דיזער לעבענס־פראגע זענען פערצייכענט אין דער געשיכטע מיט בלוט און נערוועז פון טויזענדער מענשען.

דער קאפיטאליזם פערברייטעט דערוויילע זיינע מעכטיגע פליגעל, און וואס די פעאדאלע וועלט האט געשטראפט, האט ער אנגעהויבען צו עקספלו־אטירען; דאס, וואס איז געווען איבריג אין דער פעאדאלער וועלט, אין דער ארגאניזירטער ווירטשאפט, איז געווארען א נויטיגער בעגלייטער פאר די קאפיטא־ליסטישע ארדנונג, וואו ס'מוז הערשען אנארכיע און קאנקורענץ. און די דא־מאליגע אידעאליסטען פון דער בורזשואזיע קעמפפען פאר Droit de trawail (דאס רעכט אויף ארבייט), מיינענדיג דערמיט צו רעטען די וועלט. ווי באלד א־בייט וועט אויפהערען זיין א פריווילעגיע, און יעדער וועט האבען רעכט צו ארבייטען, וועט אלעמען שוין גוט זיין: ארבייט וועט גענוג זיין פאר אלעמען. און דאס רעכט צו ארבייטען איז געווארען פאר די גליקליכסטע א רעכט עקספלואטירט צו ווערען, פאר די אומגליקליכסטע — א רעכט צו הונגערן, כדי די ארבייטענדע זאלען קאנען מעהר עקספלואטירט ווערען. און וואס מעהר דער קאפיטאליזמוס האט זיך ענטוויקעלט, אלץ מעהר לענדער האט ער פערכאפט, אלץ מעהר זענען געוואקסען די ארבייטס־לאזע ארמעען, אלץ מעהר זענען דיזע ארמעען געווארען א שטענדיגער עלעמענט.

איינינע ציפערן וועגען דער מאס פון די ארבייטס־לאזיגע אין פערשידענע לענדער וועלען בעווייזען, ווי גרויס איז די ארימקייט אין די רייכסטע לענדער אין פראנקרייך זענען די ארבייטס־לאזיגע געווען אין:

| | | |
|---|---|---|
| 1896 יאהר | 7 % | ד. ה. 600 טויזענד מאן |
| 1897 „ | 7 % | „ „ „ „ |
| 1898 „ | 7,25 % | ד. ה. ביז 700 טויזענד מאן |
| 1901 „ | 7,75 % | מעהר אלס 700 „ „ |
| 1902 „ | 9 % | „ „ 800 „ „ |

דיזע ציפער'ן בעווייזען, אז די ערשיינונג איז ניט קיין צופעליגע, נור א רעגעלמעסיגע, און האט אויך איהרע געזעצען, נאך וועלכע זי ריכטעט זיך. פערשטעהט זיך, אז אין קריזיס־יאהרען ווערט דיזע ארמעע שטארק פערגרעסערט און דראהט צוצונעהמען א שרעקליכע מאס פון מיליאנען הונגעריגע.

נאָך די אָנווייזונגען פון דער „ענגלישער ארבייטס־קאָמיסיע“ האָט די צאָהל פון אַרבייטס־לאָזיגע אויסגעמאַכט אין ענגלאַנד אין 1904 יאָהר פון 7 ביז 8 פראָצ. די אנקעטע אָבער, וואָס מען האָט דורכגעפיהרט אין לאָנדאָנער ארבייטער־קווארטאל, צייגט אַסך אַ גרעסערע ציפער—אונגעפער 24 פר. אַרבייטס־לאָזיגע. אין 1896 יאָהר זענען אין ענגלאַנד געווען פויפערן, אָרימע לייט מעהר אַלס 800,000 מאַן. מען קאָן זיך אויף אַזאַ אופן לייכט פאָר־שטעלען, ווי גרויס איז די נויט אין אַרבייט און ווי שרעקליך די קאָנקורענץ מוז זיין אין דיזע לענדער. אין 1895 יאָהר האָבען די בערלינער אַרבייטער געמאַכט אַ אנקעטע וועגען די אַרבייטס־לאָזיגע און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז נאָר אין דער איינער שטאָדט איז געווען מעהר אַלס 76000 מענשען, וואָס האָבען קיין אַרבייט ניט, צוזאַמען אָבער מיט די טייל־ווייז אַרבייטס־לאָזיגע איז די צאָהל געווען אַסך גרעסער—מעהר אַלס 117,000 מאַן.

און אָט אַזוי זעהען מיר, אַז אין אַלע ענטוויקעלטע לענדער איז די אַר־בייטס־לאָזיגקייט אַ נויטווענדיגע בעגלייטערין פון דעם קאַפּיטאַליזם. די אַר־בייטס־לאָזיגקייט איז דער בעסטער מיטעל אין די הענד פונ׳ם קאַפּיטאַל צו פערגרעסערען אָדער פערקלענערען די פּראָדוקציאָן, ענטשפּרעכענד דער לאַגע אויפ׳ן מארק. די אַרבייטס־לאָזיגקייט מאַכט, זאָ צו זאָגען, דעם קאַפּיטאַל עלאַסטיש—זי שאַפט איהם די מעגליכקייט זיך ברייט צו פאַנאַנדערשפּרייטען, ווען ער דערשפירט אַ גוטען פּראָפיט; זי גיעבט איהם אויך די מעגליכקייט זיך איינצוציהען, ווען ער דערשמעקט אַ קריזיס אין אַטמאָספער. דיזע אַלגעמיינע־קאַפּיטאַליסטישע ערשיינונג נעהמט אָן בעזונדער שאַרפע פאָרמען אין רוסלאַנד, און דערום בעקומט זי אַזאַ גרויסען אינטערעס פאַר אונז.

מיר האָבען שוין פריהער געבראַכט מאַסלאָוו׳ס מיינונג, אַז אין אַזאַ אַגראַר־קולטור־לאַנד, ווי רוסלאַנד, מוז די אַרבייטס־לאָזיגע אַרמעע זיין שטענ־דיג גרויס און אַלץ מעהר וואַכסען. מיר האָבען אויך געבראַכט ציפערן, וועל־כע האָבען אונז געוויזען, אַז אין די גרעסטע צאָהל גובערניען פון רוסלאַנד גיעבט עס אַרבייטס־לאָזיגע פון 14 ביז 24 פּראָצ., פון 2 ביז 3 מאָהל מעהר, אַלס אין פראַנקרייך און ענגלאַנד. יעצט וועלען מיר זיך אָבשטעלען אויף דער אַרבייטס־לאָזיגקייט אין דער טשערטאַ. צום בעדויערען, איז ניטאָ אַזעלכע ציפערן, וועלכע זאָלען אונז ווייזען די צאָהל פון די אַרבייטס־לאָזיגע אין דעם זינן, ווי מען פערשטעהט דיזען טערמין אין אייראָפּאַ. נאָר אום צו האָ־בען אַ פאָרשטעלונג וועגען דער אַרמעע אַרבייטס־לאָזיגע, גענוגט אונז צו ברייינגען די ציפערן פון די אידישע פויפערן. אמת, אין דיזער צאָהל גע־העהן אַריין אַלטע לייט, וועלכע זענען שוין גאָר ניט פעהיג צו אַרבייטען און ווערען אויסגעהאַלטען אויפ׳ן חשבון פון דער געזעלשאַפט. מיר זענען אָבער איבערצייגט, אַז ניט אַלע אידישע אַרבייטס־לאָזיגע קומען אָן צו די צדקה־חברות, נאָך וועלכע מיר ווייסען די צאָהל פון די פויפערן; נאָך מעהר, די טייל־וויז אַרבייטס־לאָזיגע, ד. ה. די וואָס האָבען אַרבייט נור אין סע־

זאָן=צייט אָדער דורכשניטליך 3 טעג אין וואָך, די קומען אודאי ניט אָן נאָך הילף פון פערשידענע צדקה=חברות און נאָך וועניגער נאָך מצה אויף פסח, וואָס ס'רעכענט זיך ביי אידען גאָר פאַר אַ גרויסען שאַנד. דערום גלויבען מיר, אַז די צאָהל פון די וואָס קומען אָן נאָך הילף אויף מצות אויף פסח קען געווים דיענען פאַר אַ בעוויז פון די צאָהל אַרבייטס=לאָזיגע. נאָך די גובערניעס נאָך ווערען צוטיילט די אידישע פויפערען אויף פאָלגענדען אופן:

טאַוורישער גוב. 16 פראָצ. פון דער גאַנצער אידישער בעפעלקערונג.

| | | |
|---|---|---|
| וויטעבסקער „ | | |
| מינסקער „ | | |
| מאָהילעווער „ | 17 | . . . . . . |
| וואָהלינער „ | | |
| טשערניגאָווער „ | | |
| פאָדאָלער „ | | |
| קיעווער „ | | |
| פאָלטאַווער „ | | |
| יעקאַטערינאָ=סלאַווער „ | 20 | . . . . . . |
| חערסאָנער „ | | |
| בעסאַראַבער „ | | |
| קאָוונער „ | | |
| ווילנער „ | 22 | . . . . . . |
| גראָדנער „ | | |

ביחס צו דער גאַנצער אידישער בעפעלקערונג אין דער טשערטאַ בילדען די פויפערען 18,8 פראָצ. *)

## X.

מיר קענען יעצט רעזומירען אַלעס, וואָס מיר האָבען ביז יעצט געזאָגט. מיר האָבען בעוויזען, אַז דער הויפט=טרעגער פון מאָדערנעם סאָציאַליסטישען אידעאַל קען זיין נאָר דער אינדוסטריעלער פראָלעטאַריאַט, דער אַרבייטער, וועלכער איז קאָנצענטרירט אין די גרויסע מאַשין=פאַבריקען. נאָר דער לעצטער בעזיצט די נויטיגע מאַטעריאַל=טעכנישע און סאָציאַל=פאָליטישע מאַכט צו פיהרען דעם ברייטען קלאַסען=קאַמפף, וועלכער מוז איהם ברייגגען צו דער קינפטיגער קאָלעקטיוויסטישער מלוכה. „נאָר די גרויסע אינדוסטריע—שרייבט ענגעלס אין זיין אַנטי=דיורינג — ענטוויקעלט, פון איין זייט, די קאָנפליקטען ניט נאָר צווישען די קלאַסען, וואָס זענען אַרויסגערופען צום לעבען דורך דער פראָדוקציאָן, נאָר אויך צווישען די בעשאַפענע פראָדוקציאָנס=קרעפטען און די

*) אַלע ציפערען נאָך יק"א, זייטע 225—221.

טוישונגס־פֿאָרמען, און נאָר זי (די גרויסע אינדוסטריע) ענטוויקעלט, פֿון דער צווייטער זייט נאָמענטליך אין דיזע היגאַנטישע פּראָדוקציאָנס־קרעפֿטען די מיטלען, וועלכֿע זענען נויטיג צור לעזונג פֿון דיזע קאָנפֿליקטען".*) אמת, די קאָנפֿליקטען זעלבסט זענען דאָ אויך אין די אָבגעשטאַנענע פּראָדוקציאָנס־פֿאָרמען, די ליידען פֿון די געדריקטע קלאַסען זענען פֿיעל שטאַרקער און שמערצליכער אין די קלייגע פֿאַבּריקען, די קאַמפֿבעדינגונגען זענען אָבער אין די לעצטע פֿיעל שוואַכֿער, די „מיטלען, וועלכֿע זענען נויטיג צו דער לעזונג פֿון די קאָנפֿליקטען", זענען אונבעדייטענד. אין היסטאָרישען זין זאָגאַר אונווערט. מיר האָבען, אַזוי גלויבען מיר, דערוויזען, אַז עקאָנאָמישע אָרימקייט און פּאָליטישער ענטוזיאַזם שאַפֿען נאָך ניט קיין סאָציאַלע קראַפֿט, בּריינגען ניט צו פּאָליטישע הערשאַפֿט.

צוקוקענדיג זיך צום רוסישען לעבען, זעהען מיר, אַז דאָס לאַנד מאַכֿט דורך די זעלבע ענטוויקלונגס־שטופֿען, וואָס מערב־אייראָפּאַ. זי געהט איבער צו דער גרויס־פּראָדוקציאָן. די פֿויערשע מאַסען ווערען פּראָלעטאַריזירט; געוויסע טיילען פֿון זיי מוזען אין גאַנצען אַרויסגעשטופּט ווערען פֿון דאָרף און איבערגעהן אין שטאָדט, בּילדענדיג פֿון זיך די עקספּלואַטירטע אַרבּייטס־קראַפֿט פֿון דער אַליץ־וואַקסענדער אינדוסטריע; אַ געוויסע צאָהל פֿון די פֿעראָרימטע פֿויערים בּלייבּט אין דאָרף, שאַפֿענדיג פֿון זיך דעם זאָגענאַנטען אַגראַר־פּראָלעטאַריאַט; ניט קיין קליינער טייל אָבער איז גענויטיגט גאָר אין גאַנצען צו פֿערלאָזען דאָס לאַנד און זיך זוכֿען בּרויט אין די ווייטע רוסישע קאָלאָניעס, ווי סיבּיר, אַמור. חוץ די שוין דערמאָהנטע, געוויסערמאַסען פּראָלעטאַריזירטע מאַסען, גיעבּט עס אין רוסלאַנד גרויסע מענגען פֿון קליין־פֿויערשאַפֿט, מיליאָנען קוסטאַרען, מיליאָנען אַרבּייטער, וואָס געהען אויף די זאָגענאַנטע „אָטכאָזשע פּראָמיסלי". דיזע אַלע דריי קאַטעגאָריען פֿערשטאַרקען דעם אַזוי אויך גענוג שרעקליכען קאַמפּף פֿאַר אַרבּייט, פֿאַר אַ אָרט צום אַלעם ערשטען אין דער פֿאַבּריק, פֿאַר אַ אָרט זאָגאַר אין דער אָבּשטאַרבּענדער מאַנופֿאַקטור. נאָר ווי שטאַרק די אינדוסטריע זאָל זיך ניט ענטוויקלען, ווי גרויס עס זאָלען ניט זיין די טריט, וואָס זי מאַכֿט פֿאָרווערטס, וועט זי דאָך קיינמאָהל ניט קענען איינשלינגען די אַלע מאַסען, וואָס ווערען אַרויסגעוואָרפֿען פֿונם דורך איהר זעלבּסט צושטערטען דאָרף, און די אינדוסטריע אין רוסלאַנד וואַקסט שנעל, מאַכֿט גרויסע טריט פֿאָרווערטס, קאָנצענטרירענדיג אַ בּעדייטענדע צאָהל אַרבּייטער אין די גרויסע פֿאַבּריקען, שאַפֿענדיג אַ גרויסע אָרגאַניזירטע פּראָלעטאַרישע אַרמעע. בּעזאָנדערס גיגאַנטיש איז געווען די ענטוויקלונג אין די לעצטע 15—10 יאָהר און, ווי מיר האָבּען העכֿער אָנגעוויזען, געפֿינען זיך בּיז דריי פֿערטעל רוסלענדישע פּראָלעטאַריער אין די גרויסע פֿאַבּריקען. אָט אַזוי טרעט אַרויס דער קאַפּיטאַליזם אין זיין צוויי־פּנימדיגער פֿיזיאָנאָמיע, אַרויסרופֿענדיג צום לעבּען רייכטום און אָרימקייט, אָרגאַניזירענדיג איינע און דעזאָרגאַניזירענדיג די צווייטע.

*) ענגעלס. אַנטי־דיורינג, זייטע 372, רוסישע אויסגאַבּע וו. י. יאַקאָווענקאָ 1904 יאָהר.

מיר האבען אבער נאך אנגעוויזען אויף איינינע בעזונדערע שטריכען אינ׳ם ענטוויקלונגס=גאנג פון רוסלאנד. דורכמאכענדיג דעם פראצעס פונ׳ם איבערגעהען פון נאטוראלען סדר צו דער קאפיטאליסטישער ארדנונג אין 19=טען יאהר=הונדערט, אין א צייט, ווען די טעכניק איז געווארען א פאזיטיווע וויסענשאפט און דער קאפיטאל פיהרט א אונפערזענליכע עקסיסטענץ — האט רוסלאנד זיך ווענינער פון אלץ גענויטיגט אין די טרעגער זעלבסט פון דיזע נויטיגע מיטלען צו איהר ענטוויקלונג און האט גאנץ שנעל איינגעפיהרט ביי זיך די העכערע טעכניק און די מאדערנסטע קאפיטאליסטישע אנשטאלטען כמעט אהן דער הילף פון וועלכער ניט איז פערזענליכער טעטיגקייט פון די פעלקער, וועלכע בעזיצען די העכערע לעבענס=פארמען: די האנדעל=האנד=ווערקער=און אינדוסטריע=אימיגראציאן, וועלכע איז כאראקטעריסטיש פאר אלע אויראפעאישע לענדער אין מיטעל=אלטער און בעזאנדערס אין אנהויב פון דער נייער צייט, איז אין רוסלאנד געווען גאר שוואך און אויך אין דיזער שוואכער אימיגראציאן האבען די אידען כמעט קיין חלק ניט גענומען, אבטרעטענדיג דאס ארט די פאר דיזער צייט אויסגעוואקסענע פעלקער. די האלענדער און שוועדען אין אנהויב, נאכהער די ענגלענדער און דייטשען און גאר אין דער לעצטער צייט די בעלגיער און פראנצויזען האבען מיט ערפאלג קאנקורירט מיט דער אידישער מיטעל=אלטערליכער מיסיאן, צושטעלענדיג רוסלאנד די נויטיגע קאפיטאלען, געלערנטע בעלי=מלאכות און טעכניקער, ערפאהרענע ארגאניזאטארען פון די קאמפליצירטסטע אונטערנעמונגען. נאר ווי מיר האבען שוין בעמערקט, איז די פערזענליכע אימיגראציאן קיין רוסלאנד געווען בכלל אונבעדייטענד. דאס אבער, וואס די אידען האבען זיך אין רוסלאנד בעגעגענט מיט אזעלכע שטארקע קאנקורענטען, ווי די ענטוויקעלטע אויראפעאישע פעלקער, האט געהאט א גאנץ גרויסע ווירקונג אויף זייער לאגע אויך אין די ערטער, וואו זיי וואוינען שוין פון לאנג. איבערהויפט קען מען אבער זאגען, אז רוסלאנד האט זיך די גאנצע צייט גענויטיגט אין קאפיטאל און ניט אין מענשען=קראפט — און דאס האט געווירקט, פערשטעהט זיך, אויפ׳ן פערהאלטען זיך פון די רוסען צו די אידען אין גאנצען 19=טען יאהרהונדערט און וועט געוויס האבען א שטארקע ווירקונג אויף דער לאגע פון די אידישע מאסען אין דער צוקונפט.

אמת אין 18=טען יאהר=הונדערט זענען געווען איינינע פאלען, ווען דער רוסישער סענאט האט אנערקענט פאר נויטיג צו איינלאדען אידען צוליעב דער ענטוויקלונג פון מלאכה און האנדעל; אזוי צום ביישפיעל אין 1742=טען יאהר האט דער סענאט זיך משתדל געווען פאר יעליזאוועטא פעטראוונא, אז מען זאל אריינלאזען אידען קיין רוסלאנד „צוליעב די אינטערעסען פון דער מלוכה און פערשפרייטונג פון האנדעל“. אין 1762=טען יאהר, אין דער צייט פון יעקאטערינא דער צווייטער, האט דער סענאט איינשטימיג בעשלאסען, אז ס׳איז נוצליך אריינצולאזען אידען קיין רוסלאנד. דיזע ביידע החלטות האבען

זיך געענדיגט מיט גאָרניט. דערפֿאַר שפּעטער מיט 50 יאָהר געפֿינען מיר אַסך בקשות, וועלכע ווערען גאַנץ אָפֿט ערפֿילט, פֿון די שטעדט, וואו אידען האָבען פֿון לאַנג געוואוינט, אַז מען זאָל זיי פֿון דאָרט אַרויסשיקען, און דיזע אַלע בקשות געהען פֿון די שטעדטישע בעלי-מלאכות און האַנדעלס-לייט. אַזוי צום ביישפּיעל פֿון קיעוו האָט מען די אידען אַרויסגעטריבען אין 1827 יאָהר, פֿון קאַם.—פּאָדאָלסק דערלאַנגט מען אַ פּאַפּיער אין 1833, מען זאָל אידען אַרויסשיקען; דאָס זעלבע פֿון קנישמאַ (גראָדנ. גוב.). אין 1865-טען יאָהר, נאָך איידער דער קאַפּיטאַליזם האָט פֿערכאַפּט רוסלאַנד, אייגענטליך אין אָנהויב פֿון זיין ענטוויקלונג, האָט שוין די אידישע טשערטאַ געליטען פֿון אָרימקייט און דחקות, פֿון אַרבייטס-לאָזיגקייט און שרעקליכע קאָנקורענץ. און דיזע צוויי לעצטע ערשיינונגען זענען געווען די שטאַרקסטע מאָטיווען, צוליעב וועלכע די רעגירונג איז געצוואונגען געווען צו בעשליסען אַריינצולאָזען אידישע בעלי-מלאכות אין די צענטראַלע גובערניעס, אָבוואָהל פּראַקטיש האָט דיזער געזעץ קיין גרויסען נוטצען ניט געבראַכט. די לאַגע איז געוואָרען אַ גאַנץ טרויעריגע: דאָרט, וואו די אידען האָבען פֿון לאַנג געוואוינט, זענען זיי איבעריג געוואָרען, דאָרטען-זשע, וואו זיי זענען גאָר ניט געווען, האָט מען זיך אין זיי ניט גענויטיגט.

פֿאָרשטעלענדיג אין טאַבעלען דעם ענטוויקלונגס-צושטאַנד פֿון פֿערשיעדענע טיילען פֿון רוסלאַנד, פֿון דער טשערטאַ פֿון איין זייט און פֿון די צענטראַלע גובערניען פֿון דער צווייטער, האָבען מיר געוויזען קאָנקרעט, אַז די אינערע גובערניען שטעהען יעצט אויף אַ העכערע ענטוויקלונגס-שטופֿע פֿון האַנדעל, מלאכה און אינדוסטריע אַלס די טשערטאַ, אַז זאָגאַר די צאָהל האַנדעלס-לייט אין די ערשטע איז גרעסער אַלס אין דער לעצטער — אַלע אילוזיאָנען פֿון די קינפֿטיגע גליקען אין די צענטראַלע גובערניען פֿערלירען אויף אַזאַ אופֿן יעדען ווערט.

נאָכדעם, אַז מיר האָבען שוין געזעהען ווי שטאַרק די ענטוויקלונג פֿונם קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד איז בכלל, ווי פֿערשידען דיזע ענטוויקלונג איז אין דער טשערטאַ און אין די צענטראַלע גובערניעס, דאַן ערשט קענען מיר צוטרעטען צו דער לאַגע פֿון אידישען אַרבייטער און די פֿערהעלטניסען צום אַרומיגען פּראָלעטאַריאַט, וועלכע מוזען אַרויסקומען פֿון דיזער בעזונדערער לאַגע. צום ערשט שטעלען מיר זיך אָב אויף דער קוואַנטיטאַטיווער זייט פֿון דער פֿראַגע, אויף דער צאָהל פֿון די אידישע אַרבייטער, און ווייזען אָן, אַז אַפֿילו נאָך דעם צושטאַנד, אויף וועלכען עס געפֿינט זיך די אינדוסטריע אין דער אָבגעשטאַנענער טשערטאַ, שטעהט אויך אָב דער אידישער פּראָלעטאַריאַט פֿונם קריסטליכען: דער פּראָלעטאַריזירונגס-פּראָצעס פֿון די אידישע מאַסען, דאָס אָנקומען פֿון די אַרויסגעשטופּטע אידישע בעלי-מלאכות און קרעמער אויף די פֿאַבריקען, ווערט שטאַרק פֿערהאַלטען און שטעהט אָב אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס פֿון דער פּראָלעטאַריזירונג ביי די אַרומיגע פֿעלקער. נאָכהער געהען מיר

איבער צום כאַראַקטער פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט, צו דער קוואַליטאַטיווער זייט פֿון דער פֿראַגע, צום אינדוסטריאַליזירונגס-פּראָצעס פֿונם אידישען אַרבייטער.

אָנווייזענדיג, אַז געאָגראַפֿיש, אַזוי צו זאָגען, געפֿינט זיך דער אידישער פּראָלעטאַריאַט אין די גובערניען, וואו דער קאַפּיטאַליזם איז אַם ווענִיגסטען ענטוויקעלט — אין צפון-מערב-ראַיאָן, און נאָך די פּראָדוקציאָנס-צווייגען נאָך איז ער מערסטענטיילס פֿערנומען אין די יעניגע פֿון זיי, וועלכע צייכנען זיך אויס מיט זייער טעכנישע אָבגעשטאַנענהייט, מיט אַנטי-היגיעניש ע אַרבייטס-בעדינגונגען און פֿרויען- און קינדער-אַרבייט, געהען מיר איבער צו דער נאָהענטער און דעטאַלער אויספֿאָרשונג פֿון די ערטער, וועלכע זענען פֿערנומען פֿון אַלגעמיינעם און אידישען פּראָלעטאַריאַט אין איינעם און דעם זעלבען ראַיאָן אין איינעם און דעם זעלבען פּראָדוקציאָנס-צווייג. און דאָ זעהען מיר אַ גאַנצע רייהע ערשיינונגען, וועלכע רעדען אויף אַ גאַנץ קלאָרע שפּראַך, אַז די אידישע אַרבייטער זענען מערסטענטיילס פֿערנומען אין די נידריגערע פּראָדוקציאָנס-פֿאָרמען, אין דער מאַנופֿאַקטור-פֿאַבריק אָדער מלאכה-ווערקשטאַט. מיר זעהען אַ גאַנצע רייהע ערשיינונגען, וועלכע צייכנען ווי אָן אַ ליניע פֿון פּראָדוקציאָנס-בעטריבען אין אַ אַלץ-וואַכסענדער פּראָגרעסיע, און דער אַנטייל-נעמען פֿונ'ם אידישען פּראָלעטאַריאַט געפֿינט זיך אין אַ געגענזעצטער פּראָפּאָרציע צו דיזע פּראָדוקציאָנס-בעטריבען, דערגרייכענדיג אַ אונווערטען מינימום אין איינעם פֿון די ענטוויקעלטסטע פֿון די לעצטע — אין דער מעטאַל-פּראָדוקציאָן — און בילדענדיג אַ נול אינ'ם ענטוויקעלטסטען צווייג אין דער טשערטאַ — אין דער גרובען-פּראָדוקציאָן. אַ גאַנצע רייהע פֿאַקטען ווייזען אונז, אַז וואָס מעהר וועלכער ניט-איז פּראָדוקציאָנס-בעטריב ווערט אינדוסטריאַליזירט, אַלץ קלענער ווערט דער אַנטייל-נעמען פֿונ'ם אידישען פּראָלעטאַריאַט אין איהם — און דער אידישער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז פֿערנומען נאָר ביי אַ העלפֿט פֿון גאַנצען אידישען קאַפּיטאַל אין דער טשערטאַ, איז בעשעפֿטיגט מערסטענטיילס אין דעם מאַנופֿאַקטור-קאַפּיטאַל, אָבטרעטענדיג דעם אידישען אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל דעם ניט-אידישען אַרבייטער. דיזע טענדענץ פֿונ'ם אידישען אינדוסטריאַליזירטען קאַפּיטאַל זיך צו בעפֿרייען פֿון דער אידישער אַרבייטס-קראַפֿט טרעט בעזונדערס קלאָר אַרויס אין די געגענדען, וואו די פּראָדוקציאָן האָט לכתחילה אָנגענומען גרויס-קאַפּיטאַליסטישע פֿאָרמען, ניט שטעהענדיג אין קיין פֿערבינדונג מיט דער מאַנופֿאַקטור. דער אידישער קאַפּיטאַל אין דרום בענוצט זיך אַ סך ווענִיגער מיט אַרבייטס-קראַפֿט, אַלס אין ליטאָ; דערצו מוזען מיר נאָך צוגעבען, אַז אין ערשטען ראַיאָן טרעט אַרויס דער אידישער קאַפּיטאַל מעהר אין אַ אונפּערזענליכער פֿאָרם, אין געשטאַלט פֿון אַקציען, א. ז. וו. און מיר קענען גאָר ניט וויסען זיין אמת'ע גרויס.

פֿאַר וואָס זשע ווערען די אידישע מאַסען ווענִיגער אַריינגעצויגען אין

דער פֿאַבריק=פּראָדוקציאָן? פֿאַר וואָס בלייבט דער אידישער פּראָלעטאַריאַט אין דער מאַנופֿאַקטור=פּראָדוקציאָן, וואָס איז היסטאָריש צום טוידט פֿעראורטיילט, און ווערט ניט איבערגעקאָכט אין גרויס=קאַפּיטאַליסטישען קעסעל? אויף דיזע צוויי וויכטיגע פֿראַגען ווילען מיר זיך יעצט אָבשטעלען.

יעדע געזעלשאַפֿטליכע ערשיינונג שטעלט פֿון זיך פֿאָר אַ פֿיעל=זייטיגען און פֿיעל=פֿאַרביגען רעזולטאַט פֿון אַ גאַנצע מענגע כּחות, וואָס ווירקען צוזאַמען אין דער חברה. דיעזע ווירקענדע כּחות זענען, פֿערשטעהט זיך, פֿון פֿערשידענער קראַפֿט, פֿון פֿערשידענער ענטשטעהונג. איינע פֿון זיי בילדען דעם פֿונדאַמענט פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער ערשיינונג, האָבען זי זאָגאַר צום לעבען אַרויסגערופֿען. זייער ווירקונג איז אַ דויערנדע. די צווייטע האָבען נור פֿערפֿאַרבט דעם געשאַפֿענעם פֿונדאַמענט אין אַ געוויסען קאָליר, האָבען פֿערשנעלערט אָדער פֿערהאַלטען דעם געבורטס=טאָג פֿון דער ערשיינונג; זיי קענען פֿערשטאַרקען אָדער געוויסער=מאַסען אָבשוואַכען די קראַפֿט פֿון איהר ווירקונג. זייער ווירקונג איז אָבער צייטליך, פֿאַרבייגעהענד.

און דערום ביי יעדע בעהאַנדלונג פֿון דער אָדער יענער טעאָרעטישער פֿראַגע קומט אונז אויס זיך אָבצורייסען פֿון דער פֿערפּלאָנטערטער ווירקליכקייט, אייניגער=מאַסען זיך אויפֿהויבען איבער דעם פֿערוויקעלטען טאָג=טעגליכען לעבען און, פֿערבייגעהענדיג די קלענערע און די צווייטע שטופֿע פֿערנעמענדע פֿאַקטאָרען, דורכלאָזענדיג אַלעם אינדיווידועלעם, צופֿעליגעם און צייטליך=פֿאַרבייגעהענדעם, זיך אָבשטעלען דער עיקר אויפֿ'ן הויפּט=פֿאַקטאָר, אויפֿ'ן שטענדיג ווירקענדען, אויף דעם וואָס שאַפֿט דעם פֿונדאַמענט פֿון דער ערשיינונג. פֿערשטעהט זיך, אַז מען דאַרף זיך מעגליכער=ווייזע האַלטען נאָהענט צום קאָנקרעטען אינהאַלט פֿון דער בעהאַנדעלענדער פֿראַגע; ווען ניט קען טרעפֿען, אַז מען זאָל זיך אויפֿהויבען ביז אַזעלכע שיטערע אַטמאָספֿערען, וואו דער געדאַנק שאַפֿט שוין פֿון זיך זעלבסט, פֿערליערט דעם בלוטיגען אינהאַלט פֿונ'ם אמת'ן לעבען, בויענדיג שעהנע, אָבער פֿיקטיווע געבײידען...

ביים בעהאַנדלען פֿון די צוויי אויבענדערמאָנטע פֿראַגען—די ניט גענוגענדע פּראָלעטאַריזירונג פֿון די אידישע מאַסען און די שוואַכע אינדוסטריאַליזירונג פֿונ'ם אידישען פּראָלעטאַריאַט—האָט מען ביז יעצט אָדער זיך אין גאַנצען פֿערלאָרען אין דער מאַסע קרעפֿטען פֿון פֿערשידענסטער מאָס און אַרט, וואָס ווירקען אין אַ געוויסען גראַד אין לעבען, און מען איז פֿאַרבייגעגאַנגען די הויפּט=אורזאַכען; אָדער מען האָט זיך אין גאַנצען אָבגעריסען פֿון אידישען ווירקליכען לעבען און מען האָט געלעזט דיזע בלוטיגע קאָנקרעטע פֿראַגען דורך אַבסטראַקטע פֿאָרמולען. איינע האָבען זיך דער עיקר אָבגעשטעלט אויף דער ווירקונג פֿון שבת, פּאָליטישע לאַגע, עסען טריפה'ס, פֿון דער אָבוועזענהייט פֿון אידישע געלערנטע טעכניקער און אין אַ נויט אפילו אויף דער „פֿיינדשאַפֿט" פֿון די אידישע מאַסען צו פֿיזישע אַרבייט, ניט בעמערקענדיג,

אַז די אַלע פֿאַקטאָרען זענען פֿון צופֿעליגען חאַראַקטער, פֿון צייטליכען ווערט, אָדער האָבען גאָר קיין ווערט ניט. די צווייטע האָבען געקוקט אויף דער פּאָליטישע קאַרטע פֿון אייראָפּאַ און זעהענדיג דעם קאַמפּף צווישען די מלוכות, האָבען זיי פֿערזעהען דעם קאַמפּף צווישען די פֿעלקער — און בעשליסענדיג, אַז ס'גיעבט נור שטאַאַטליכע סאָציאַל-עקאָנאָמישע אָרגאַניזמען, אָבער קיינע נאַציאָנאַלע סאָציאַל-עקאָנאָמישע קערפּער, האָבען זיי, ניט אויספֿאָרשענדיג די קאָנקרעטע לאַגע פֿון די אידישע מאַסען און אידישען פּראָלעטאַריאַט, זאָגאַר ניט אינטערעסירענדיג זיך מיט דער קאָנקרעטער סביבה, אין וועלכער דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט קומט אויס צו פֿיהרען זיין קאַמפּף, גאָר געלייקענט אַז ס'איז דאָ אַ אידישע עקאָנאָמישע פֿראַגע, נאָך ווייניגער אַ אידיש-פּראָלעטאַרישע פֿראַגע. זיי האָבען מיט דעם שיין פֿון דער אַבסטראַקציע פֿערשטעלט אַ רעאַלע פֿראַגע, מיינענדיג אַז דערמיט ווערט זי געלייזט.

דער טעאָרעטישער געדאַנק פֿון דער אידישער פּראָלעטאַרישער אינטעליגענץ האָט זיך ניט געקענט בערוהיגען ניט אויף דער פּלוראַליטעט (множественность) פֿון די ערשטע, ניט אויף די ליידיגע פֿאָרמול פֿון די צווייטע — און ער האָט געמוזט אַרבייטען טיפֿער, זאַמלענדיג קאָנקרעטע מאַטעריאַל, סיסטעמאַטיזירענדיג איהם, און, בלייבענדיג ביים ערדישען אינהאַלט פֿון די געשטעלטע פֿראַגען, געפֿינען זייער אונטערערדישען קערן, זייער אמת'ן שורש, זייער היסטאָרישע ענטשטעהונג.

צו-ערשט וועלען מיר זיך ערלויבען אייניגע אַלגעמיין-טעאָרעטישע בעמערקונגען, אייניגע אַלגעמיין-טעאָרעטישע פֿאָראויסזעצונגען, פֿון וועלכע מיר געהען אַרויס ביים בעהאַנדלען פֿון די געשטעלטע פֿראַגען, אָבוואָהל מיר קענען זיך דאָ ניט אָבשטעלען אויף דער דעטאַלער בעגרינדונג פֿון דיזע אונזערע מיינונגען:

1. די געגנוואַרטיגע געזעלשאַפֿט, די קאַפּיטאַליסטישע, בעשטעהט נאָך אונזער מיינונג פֿון רעלאַטיוו-זעלבסטשטענדיגע נאַציאָנאַלע סאָציאַל-עקאָנאָמישע אָרגאַניזמען. אַרויסרופֿענדיג צום לעבען די געגענוואַרטיגע נאַציאָנען פֿון איין זייט, און דעם אַלוועלטליכען מאַרק, וואָס שאַפֿט אַ געוויסען צוזאַמענבונד צווישען זיי, פֿון דער צווייטער זייט, זעהען מיר ניט, אַז דער קאַפּיטאַליזם זאָל פֿיהרען דורך דיזען צוזאַמענבונד צו דער פֿאָלשטענדיגער פֿערשמעלצונג פֿון דיזע דורך איהם בעשאַפֿענע קערפּער. אָט וואָס קאַאוטסקי שרייבט וועגען דער ענטשטעהונג פֿון דער נאַציאָן: „ביז וואַנען די קליינע קאָמוניסטישע געמיינדען זענען געווען אַבסאָלוט זעלבסטשטענדיג, ביז וואַנען עס זענען ניט געווען קיינע מאַטעריאַלע אינטערעסען, וואָס זאָלען זיי נויטען ענגער זיך צונויפֿבינדען, ביז יענער צייט האָט ניט געקענט זיין די רעדע וועגען נאַציאָנען" *). און אויסרעכענענדיג די פֿאַקטאָרען, וועלכע האָבען

*) Національность нашего времени, стр. 6—7, русское изданіе.

געשאַפֿען די מאָדערנע נאַציעס, זאָגט קאַאוטסקי, אַז דער וויכטיגסטער פֿון זיי איז געווען די „וואַארען־פּראָדוקציאָן און דער האַנדעל" *). און ענטוויקלענדיג זיין געדאַנק, אַז נאָר דער קאַפּיטאַליזם האָט געשאַפֿען די געגענוואַרטיגע נאַציעס, גיבט ער צו אויף זייטע 16 פֿון דער דערמאָנטער בראָשור, אַז „אום צו בעשאַפֿען אַ נאַציאָנאַלען לעבען אין אונזער זין פֿון דיזען וואָרט איז נויטיג געווען צו צוברעכען די געמיינדע, אָבשוואַכען אַלע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע זענען געשטאַנען צווישען דעם אינדיווידיאום און דער נאַציע, אַזוי אַז די נאַציע זאָל ווערען אַ אָרגאַניזם, וועלכער רעגולירט דאָס עקאָנאָמישע לעבען פֿון פֿאָלק".

אָבשטעלענדיג זיך דעטאַל אויף דער כאַראַקטעריסטיק פֿון דער מיטעלאַלטערליכער געמיינדע און געגענוואַרטיגער נאַציע, ווייזט קאַאוטסקי אָן אויף דעם מיטעל־אַלטערליכען רעליגיעזען אוניווערסאַליזם און אויף דעם ענטשטעהען פֿונ'ם געגענוואַרטיגען קאָסמאָפּאָליטיזם, וועלכער ווערט אַרויסגערופֿען צום לעבען דורכ'ן האַנדעל, און גיבט צו: „אין דער זעלבער צייט (וואָס דער האַנדעל האָט בעשאַפֿען דעם קאָסמאָפּאָליטיזם) האָט ער, דער האַנדעל, געגענאַנאַנדער געשטעלט דעם מיטעל־אַלטערליכען אוניווערסאַליזם, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט אין דער קאַטוילישער קירכע, די נאַציאָנאַליטעט" **) (אונטערגעשטריכעלט פֿון קאַאוטסקין). און קאַאוטסקי בעווייזט ווייטער, אַז דיזער האַנדעל־קאָסמאָפּאָליטיזם ווידערשפּרעכט ניט דער זעלבסטשטענדיגקייט, פֿערשטעהט זיך, דער רעלאַטיווער, פֿון דער נאַציע.

מיר האָבען פֿריהער בעמערקט, אַז דער קאַפּיטאַליזם פֿיהרט ניט צו דער פֿערשמעלצונג פֿון די נאַציעס, ווייל נאָר פֿון דיזער געזעלשאַפֿטליכער סטאַדיע האַנדעלט זיך דאָ. די געגענזעצליכע אינטערעסען אויף'ן אַלוועלטליכען מאַרק זענען געוואָרען נאַציאָנאַלע געגענזעצען" ***). און ביז וואַנען די אַנטאַגאָניסטישע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט וועט עקסיסטירען, ביז וואַנען די קאָנקורענץ וועט בלייבען דער פֿונדאַמענט פֿון דער גאַנצער פּראָדוקציאָן און די מעהר־ווערט — איהר ציעל, ביז יענער צייט וועלען בלייבען נאַציאָנאַלע סאָציאַל־עקאָנאָמישע אָרגאַניזמען, וואָס פֿיהרען אַ קאַמפּף פֿאַר'ן אינערען און אויסערליכען מאַרק, ביז יענער צייט וועלען בלייבען קלאַסען, וואָס פֿיהרען אַ קאַמפּף פֿאַר דעם אָדער יענעם חלק אין דער צוטיילונג פֿון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען.

ווי באַלד מיר זענען מודה, אַז אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט קומט פֿאָר אַ קאָנקורענץ צווישען נאַציאָנאַלע אָרגאַניזמען פֿאַר'ן אינערליכען און אויסערען מאַרק, ****) מוזען מיר שוין אויך מסכים זיין, אַז, אָבוואָהל דיזע קאָנ־

*) Ibid. **) Ibib.

***) קאַאוטסקי אין דער דערמאָנטער בראָשור זייטע 33—31 זאָגט, אַז רוסלאַנד און עסטרייך קענען זיך ניט רעכענען פֿאַר „מאָדערנע שטאַאַטען", ד. ה. נאַציאָנאַלע שטאַאַטען, ווייל זיי זענען צוזאַמענגעשטעלט פֿון פֿערשידענע נאַציאָנאַלע קערפּער, וועלכע האָבען געגענזעצליכע אינטערעסען.

****) Ibid 23.

קורענץ קומט פֿאָר צווישען די פֿערשידענע בורזשואַזיען, ווייל נאָר זיי טרעטען דאָך אַרויס אַלס בעלי־בתּים פֿון די סחורות, וועלכע דינען אַלס אָביעקטען פֿון דער קאָנקורענץ, זענען דאָך די פֿערשידענע נאַציאָנאַלע אַרבייטער־קערפּער שטאַרק פֿעראינטערעסירט אין דעם אָדער יענעם רעזולטאַט פֿון דיזען קאַמפּף. וואָס שטאַרקער און פֿעסטער דאָס אָרט, וואָס וועלכע ניט־איז בורזשואַזיע פֿערנעמט אויפ'ן אַלוועלטליכען מאַרק, פּשוטער גערעדט, וואָס מעהר שאַנסען וועלכע ניט־איז בורזשואַזיע האָט צו פֿערקויפֿען איהרע סחורות, אַלץ מעהר שאַנסען ביים אַרבייטער פֿון דעם זעלבען לאַנד צו געפֿינען אַרבייט, אַלץ מעהר האָפֿנונגען צו בלייבען אויפ'ן פֿערהאַפּטען פּלאַץ, אַלץ בעסער די קאַמפּפֿס־בעדינגונגען אויף צו פֿערבעסערען די לאַגע.

די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט ווייסט נאָר קאָנקורענץ, און אַזוי ווי אַלע מינים סחורות פֿיהרען אַ קאַמפּף צווישען זיך, אַזוי אויך די אַרבייטס־קראַפֿט: פֿערנעמענדיג אַ אָרט פֿון סחורה אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, ווערט זי אונטערגעוואָרפֿען די זעלבע געזעצען, די געזעצען פֿון נאָכפֿראַגע און אָנבאָט. דער טיעפֿער אונטערשיד, וועלכער עקסיסטירט דאָך צווישען אַרבייטער, אַלס לעבעדיגע סחורה, און אַנדערע מיני וואַרען, אַלס טויטע סחורה,—און דאָס האָט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם פֿערהאַלטען זיך פֿון דער בורזשואַזיע צו דיזע פֿערשידענע סחורות, אויף דעם זאָרגען פֿון דער בורזשואַזיע פֿאַר די נויטיגע צור ווייטערער פֿאַבריקאַציאָן פּראָדוקציאָנס־מיטלען — דיזער אונטערשיד קען נאָר פֿערשטאַרקען די קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער, קען נאָר מאַכען שאַרפֿער דעם קאַמפּף פֿאַר אַ אָרט אין דער פֿאַבריקאַציאָן.

אינם אַלטעגליכען קאַמפּף, וואָס קומט פֿאָר אין די ראַמען פֿון יעדען פּראָדוקציאָנס־צווייג אין יעדער געגענד, זאָגאַר אין די ענגע ראַמען פֿון אַ גאַנץ בעגרענצטען קרייז, נוצט דאָך אויס יעדער פּראָלעטאַריער, פֿאָרלעגענדיג אויפ'ן מאַרק זיין אַרבייטס־קראַפֿט, אַלע זיינע אינדיווידועלע מעלות, ווי פֿיזישע קראַפֿט, קולטורעלע ענטוויקלונג, אָנגעקליבענע ערפֿאַהרונג א. ז. וו. פֿאָרטזעצענדיג דיזען געזעץ פֿון קאָנקורענץ, וועלען מיר מוזען קומען צום פּועל־יוצא, אַז יעדע גרופּע פּראָלעטאַריער, אין אונזער פֿאַל אַ נאַציאָנאַלע גרופּע, וועט געוויס אויסנוצען די אַלע גינסטיגקייטען, וואָס ווערען בעשאַפֿען דורך דעם צושטאַנד פֿון דעם אָרגאַניזם, צו וועלכען זי געהערט. די געאָגראַפֿישע סביבה, די גינסטיגערע פּאָליטישע לאַגע, דער היסטאָריש־געשאַפֿענער בעזונדערער קולטורעלער צושטאַנד, — אַלעס וועט אויסגענוצט ווערען פֿון די אַרבייטער אינם קאַמפּף פֿאַרן פֿערקויפֿען זייער אַרבייטס־קראַפֿט, ווי דיזע אַלע בעדינגונגען ווערען אויסגענוצט פֿון די אַנדערע מינים סחורות דורך זייער לעבעדיגען בעוואוסטזיניגען אויסדריקער — דורך דער בורזשואַזיע*).

*) אין דעם, וואָס פֿאַר אַלע מינים סחורות טרעט אַרויס די בורזשואַזיע, און נאָר דער

און בּײשפּיעלען פֿון אויסנוצען דיזע בּערינגונגען דורך פֿערשידענע אַרבּײטער־קערפּער קען מען בּרענגען זעהר אַסך. די אויסטראַלישע אַרבּײטער האָבּען געווירקט אויף׳ן שאַפֿען געזעצען געגען עמיגראַנטען; די ענגלישע אַרבּײטער האָבּען ענערגיש געפֿיהרט אַ קאַמפּף געגען דעם אַרײנפֿיהרען פֿון אינחינעזישע אַרבּײטער אין דרום־אַפֿריקאַ; און וואָס פֿיעל ווילכטיגער איז, דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס האָט ניט פּראָטעסטירט געגען די אַמעריקאַנישע געווערקשאַפֿטען, וועמענס פֿאָרשטעהער האָט אָפֿען פֿערטײדיגט זײער מײנונג געגען אַרײנלאָזען חינעזער און נעגרען קײן אַמעריקאַ. און דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס האָט ניט געקענט פּראָטעסטירען געגען זײ, ווײל דיזע ערשײנונג איז *נאַטירליך* אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, וואו אַלעס מוז אונטערגעוואָרפֿען ווערען די געזעצען פֿון קאָנקורענץ; און אויך דער פּראָלעטאַריאַט, אַפילו דער בּעוואוסטזיניגער, וועלכער האָט שוין ערקענט זײן סאָלידאַריטעט אין קאַמפּף פֿאַר די *האַרמאָנישע* צוקונפֿט — איז געצוואונגען זיך צוצופּאַסען צו דיזע *פֿיזישע* געזעצען פֿונ׳ם אַנטאַגאָניסטישען קאַפּיטאַליסטישען היינט.

פֿערשטעהט זיך, אַז דער אידעאַל פֿונ׳ם *פּראָלעטאַריאַט* אַלס אַ קלאַס איז אין גאַנצען געגען *אַזאַ* קאָנקורענץ, ווײל ער שליסט אויס *יעדע* קאָנקורענץ; די מאַקסימום־פּראָגראַם פֿון פּראָלעטאַריאַט, וועלכֿע ענטהאַלט אין זיך די צוקונפֿטס־מלוכה, און די קאַמפּפֿס־מיטלען, וואָס פֿיהרען צו דיזער נײער פֿרײער וועלט, דיזע פּראָגראַם קען ניט זײן געבּויעט אויף די געזעצען וואָס הערשען אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, נאָר פֿערקעהרט אויף די געזעצען, וואָס, אַרויסוואַכסענדיג פֿון איהר זעלבּסט, *פֿיהרען צו איהר טויט* — און אַזעלכֿע זענען די פֿאַקטען פֿון סאָלידאַריטעט, און ניט קאָנקורענץ; דאָס אַלטעגליכֿע לעבּען אָבּער פֿון די *פּראָלעטאַריער* ווערט רעגולירט דורך די געזעצען פֿון קויפֿען און פֿערקויפֿען, וועלכֿע הערשען אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, און יעדע *אַרבּײטער־גרופּפּע* נוצט אויס איהר *בּעזונדערע געאָגראַפֿישע סביבה, פּאָליטישע לאַגע* און *קולטורעלען צושטאַנד* בּײם פֿערקויפֿען פֿון איהר אַרבּײטס־קראַפֿט, ד. ה. זי קאָנקורירט מיט דער צווײטער גרופּפּע, וועלכֿע געפֿינט זיך אין אַ אַנדערע ווייניגער אָדער מעהר גינסטיגערע געאָגראַפֿישע סביבה, אין אַ בּעסערער אָדער ערגערער פּאָליטישער לאַגע, אויף אַ נידריגערען אָדער העכֿערען קולטורעלען צושטאַנד. אַנערקענענדיג דיזען אַלגעמײנעם געזעץ פֿון קאָנקורענץ, מוזען מיר קומען צום פּועל־יוצא, אַז ס׳געבּען מאָמענטען אין לעבּען פֿון יעדער נאַציע, ווען איהרע *געגענזעצליכֿע קלאַסען האָבּען אַלגעמײנע אינטערעסען*, אָבּוואָהל זײערע ציעלען, זײערע קלאַסען־אידעאַלען זענען *פֿערשידען.*

---

אַרבּײטס־קראַפֿט קומט אויס זעלבּסטשטענדיג צו פֿיהרען איהר קאַמפּף, שטעקט אויך אײנער פֿון די פֿיעלע ווידערשפּרוכֿע פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט.

2. יעדער קלאַסען־קאָנפֿליקט ווערט פֿיעל פֿערשטאַרקט, ווען די קלאַסען, וואָס קעמפֿפֿען צווישען זיך געהערען צו פֿערשידענע נאַציעס. דיזע אונזערע הנחה פֿאָדערט כמעט קיינע בעווייזע, ווייל דאָס איז אַ פֿאַקט, וואָס מיר זעהען איהם טאָג־טעגליך. בעזונדערס רעליעף האָט זיך דאָס אַרויסגעוויזען ביים קאַמפֿף פֿון די באַטראַקען און קליינע פויערשאַפֿט מיט די דייטשע אַגראַריער אין באַלטישען ראַיאָן. נאָך שאַרפֿער קענען מיר דאָס בעמערקען ביי די בעציהונגען פֿון קריסטליכע באַטראַקען צו אידישע גרויסע ערדבעזיצער (גאַליציע) און פֿון קריסטליכע אַרבייטער צו אידישע פֿאַבריקאַנטען (רוסלאַנד).

3. יעדע קאָנקורענץ צווישען פֿאָרשטעהער פֿון איינעם און דעם זעלבען קלאַס ווערט פֿיעל פֿערשטאַרקט, ווען דיזע פֿאָרשטעהער געהערען צו פֿערשידענע נאַציעס. דיזער פֿאַקט איז אויך אַ אַלגעמיין־בעקאַנטער. בעזונדערס אָפֿען און קלאָר קענען מיר איהם בעאָבאַכטען אין די געזעצען, וואָס האָבען געהערשט אין מיטעלאַלטער אין די שטעדט וועגען רעכטע צו קויפֿען און פֿערקויפֿען אויף די מערק, און אין די צעחען וועגען צונעמען פ ר ע מ ד ע און אָ נ ג ע ק ו מ ע נ ע אַרבייטער.

---

## XI.

נאָך דיזע אַלגעמיינע בעמערקונגען קענען מיר איבערגעהען צו דער בעהאַנדלונג פֿון די אויבענגעשטעלטע פֿראַגען. פֿון דער קאָנקרעטער פֿאָרשטעלונג פֿון דעם אָרט, וועלכען דער אידישער אַרבייטער פֿערנעמט אין דער רוסלענדישער פּראָדוקציאָן, האָבען מיר געזעהן: א) אַז די אידישע אַרבייטער קומען כמעט גאָר ניט אָן אין די קריסטליכע פֿאַבריקען; ב) די אידישע פֿאַבריקען בענוצען זיך מיט אידישע אַרבייטס־קראַפֿט נאָר ביז וואַנען זיי בלייבען ביים מאַנופֿאַקטור־צושטאַנד; איבערגעהענדיג צו דער אינדוסטריע, בעפֿרייט זיך דער אידישער קאַפּיטאַל פֿון דער אידישער אַרבייטס־קראַפֿט.

דאָס, וואָס די קריסטליכע פֿאַבריקאַנטען נעמען ניט צו קיין אידישע אַרבייטער, דאָס איזאָלירט די אידישע אַרבייטער־מאַסע, טיילט אָב דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט פֿונ'ם אַלגעמיינעם, אײנשליסענדיג איהם אין די ענגע ראַמען פֿונ'ם אידישען פֿאַבריקאַציאָנס־פֿעלד. און ווי שטאַרק דאָס לעצטע זאָל זיך ניט ענטוויקלען, וועט עס ניט אימשטאַנד זיין אײנצושליגען די גרויסע אידישע זיך פּראָלעטאַריזירענדע מאַסען, די מאַסען פֿעראָרימטע בעלי־מלאכות און סוחרים, וואָס ווערען אַרויסגעוואָרפֿען אויפֿ'ן אַרבייטס־מאַרק, פֿון איין זייט אַ דאַנק דער אַלץ־וואַקסענדער גרויס־פֿאַבריק און גרויס־האַנדעל, און פֿון דער צווייטער זייט אַ דאַנק דער אַלץ שטייגענדער קאָנקורענץ פֿונ'ם אָרטליכען, „נאַציאָנאַלען" קליין־און מיטעל־בירגערטום. דאָס, וואָס דער אידישער גרויס־קאַפּיטאַל מיידט אויס דעם אידישען אַרבייטער פֿערשטאַרקענדיג די דערמאָנטע איזאָלירונג, פֿערשמעלערט נאָך מעהר פֿאַר'ן אידישען פּראָלעטאַריאַט די אַזוי אויך

שמאָלע ראַמען פֿון זיין אַרבייטס־פֿעלד, מאַכט נאָך פֿיל שרעקליכער דעם קאַמפּף פֿאַר אַרבייט אויף דער אידישער גאַס, אַרויסוואַרפֿענדיג אויפֿ'ן אידישען אַרבייטס־מאַרק נייע קאַדרען אַרבייטער פֿון די צושטערטע ווערקשטאַטען און מאַנופֿאַקטור־פֿאַבריקען. די אַרמעע פֿון פּאָטענציעלע פּראָלעטאַריער און אַרבייטס־לאָזיגע וואַקסט אונגעהויער, אָבשוואַכענדיג די אַזוי אויך שוואַכע פּאָזיציע פֿון די אַרבייטער, וואָס זענען בעשעפֿטיגט אין דער אידישער מאַנופֿאַקטור; די פֿון דער מאַנופֿאַקטור זעלבסט אַרויסגעוואָרפֿענע אידישע אַרבייטער שוואַכען אָב נאָך מעהר די שוואַנקענדע לאַגע פֿון די, וואָס זענען געבליבען. און דער אידישער פּראָלעטאַריאַט, אַלס אַזעלכער, אַלס אַ אידישער, עקאָנאָמיש איזאָלירט פֿונ'ם אַלגעמיינעם פּראָלעטאַריאַט און קאָנצענטרירט אין די קליינע פֿאַבריקען און ווערקשטאַטען, ליידענדיג אַם שטאַרקסטען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, בילדעט פֿון זיך די שוואַכסטע און אונבעדייטענדסטע סאָציאַלע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע מאַכט.

פֿאַר וואָס־זשע נעמען ניט צו די קריסטליכע פֿאַבריקאַנטען אידישע אַרבייטער? אום צו געפֿינען די אָביעקטיווע סבות, וועלכע רופֿען אַרויס דיזע ערשיינונג צום לעבען, מוזען מיר מאַכען פֿאָלגענדע הנחה. מיר מוזען זיך פֿאָרשטעלען, אַז די סוביעקטיווע מעלות פֿונ'ם אידישען אַרבייטער, — זיין פֿיזישער און קולטורעלער צושטאַנד, זיין מינימאַלער אַרבייטס־לוין, זיין טעכנישע ערפֿאַרונג א. ז. וו., — זענען גלייך צו די זעלבע ביים קריסטליכען אַרבייטער. פֿערשטעהט זיך, אַז אין לעבען וועט זעלטען טרעפֿען אַזאַ אידעאַלע אידענטיטעט (тождественность), נאָר דאָס קען אונז אָבער ניט אָבהאַלטען פֿון אָנצוקומען צו דיזען מעטאָד ביים טעאָרעטישען בעהאַנדלען פֿון דער פֿראַגע. וואָלט די אידישע אַרבייטס־קראַפֿט, צום ביישפּיעל, ביליגער געווען, אָדער — וואָס איז דאָסזעלבע אייגענטליך — פּראָדוקטיווער; אָדער וואָלטען די אידישע פּראָלעטאַריער געבילדעט פֿון זיך אַזעלכע קאַדרען קוואַליפֿיצירטע אַרבייטער, אָהן וועלכע ס'איז אונמעגליך דאָס איינפֿיהרען פֿון דער העכערער טעכניק, — דאַן, פֿערשטעהט זיך, אַז די קריסטליכע פֿאַבריקאַנטען וואָלטען פֿערגעסען אָן דעם אַנטיסעמיטיזם און וואָלטען זיך ניט אָבגעזאָגט פֿון אידישע אַרבייטס־קראַפֿט.

די ציעל פֿון יעדער קאַפּיטאַליסטישער אונטערנעמונג בלייבט אימער איינע און דיזעלבע — דער ריוח, דער פּראָפֿיט; און ביים אָרגאַניזירען פֿון יעדער אונטערנעמונג — און דאָס איז אונמעגליך אָהן לעבעדיגע אַרבייטס־קראַפֿט — האָט דער בורזשואַ תמיד איין אידעאַל פֿאַר זיך — וואָס גרעסערען מעהרווערט.

אום צו פֿערשטעהען דעריבער, פֿאַר וואָס נוצט זיך די בורזשואַזיע מערסטענטיילס מיט נאַציאָנאַלע אַרבייטס־קראַפֿט, אום צו געפֿינען דעם אמת'ן מקור פֿון דיזער בעזונדערער „ליעבע צום אייגענעם פֿאָלק“, מוזען מיר דערלאָזען, אַז די קאָנקורירענדע אַרבייטער פֿון צוויי פֿערשידענע נאַציעס געפֿינען זיך אין איינע און דיזעלבע סוביעקטיווע בעדינגונגען. די מאָטיווען, וואָס טרייבען די בורזשואַזיע צו עקספּלואַטירען די אַרבייט [illegible] פֿון די „אייגענע“

ברידער, וועלען דאַן אַרויסטרעטען אין זייער אמת'ן קאָליר, אין זייער אמתער עגאָאיסטישער פֿאַרב.

מיר האָבען שוין פֿריהער אָנגעוויזען אויף דער קאָנקורענץ, וואָס מוז פֿאָרקומען אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, ווי צווישען איינצעלנע ארבייטער, אַזוי אויך צווישען גאַנצע גרופּפען. יעצט, ביים בעהאַנדלען פֿון דער קאָנקרעט-געשטעלטער פֿראַגע — פֿאַר וואָס די קריסטליכע פֿאַבריקאַנטען נעמען ניט צו קיין אידישע אַרבייטער? — וועלען מיר אויך אַראָבלאָזען דעם מאָמענט פֿון דער ווירקונג, דירעקטע אָדער אונדירעקטע, פֿון יעדער נאַציאָנאַלע אַרבייטער-גרופּפע אויף איהר בורזשואַזיע. מיר וועלען זיך דער עיקר אָבשטעלען אויף דער בורזשואַזיע, אויף איהרע אינטערעסען אינם צוציהען פֿון דער אָדער יענער אַרבייטס-קראַפֿט, אויף איהרע צילען, צו וועלכע זי שטרעבט, ווען זי רעכענט פֿאַר זיך פֿאַר גינסטיגער צו נעמען די און ניט יענע אַרבייטער.

„די טעכנישע אָרגאַניזאַציאָן — אַנדערש געזאָגט, די פּראָדוקציאָנס-אָרגאַניזאַציאָן — בעשטעהט אין דעם, וואָס מען דאַרף בעקומען אַרבייטס-קראַפֿט צו די בעשטימטע פּראָדוקציאָנס-צווייגען, איהר געבען די נויטיגע אַרבייטס-מיטלען, פֿאָרמירען דאָס און יענץ אין איין טעכנישען קערפּער, וואָס איז פֿעהיג צו אַרבייט, אונטערוואַרפֿענדיג דיזען קערפּער אַ געוויסער דיסציפּלין" *). פֿון דיזען דעפֿינירען פֿון דער פּראָדוקציאָנס-אָרגאַניזאַציאָן, מיט וועלכען מיר זענען איינשטימיג, זעהען מיר, אַז יעדע געגענוואַרטיגע אונטערנעמונג בילדעט פֿון זיך אַ קאָמפּליצירטען קערפּער, וואָס ווערט צוזאַמענגעשטעלט, רעגולירט און דיסציפּלינירט דורך אַ געוויסע קראַפֿט, דורך אַ בעשטימטען כח, וועלכער שטעהט איבער דער אָרגאַניזאַציאָן.

אַלס אַזאַ קראַפֿט טרעט אַרויס אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט די בורזשואַזיע — און צום פֿערשטעהען די אָדער יענע פֿאָרם פֿון דער פּראָדוקציאָנס-אָרגאַניזאַציאָן, ביים אָבשאַצען פֿון דעם אָדער יענעם בעשטאַנדטייל פֿונ'ם צוזאַמענגעשטעלטען קערפּער מוזען די מאָטיווען פֿון דער בורזשואַזיע פֿערנעמען דאָס ערשטע אָרט; איהרע צילען, איהרע אינטערעסען האָבען די ענטשידענסטע ווירקונג אויף דער פֿאָרמירונג פֿונ'ם קערפּער. ביים בעהאַנדלען פֿון דער פֿראַגע פֿונ'ם אָרט פֿון דער אָדער יענער אַרבייטס-קראַפֿט אין דער פּראָדוקציאָנס-אָרגאַניזאַציאָן — דיזען בעשטאַנדטייל פֿון פּראָדוקציאָנס-קערפּער, וואָס ווערט אין גאַנצען צוזאַמענגעשטעלט, רעגולירט און דיסציפּלינירט דורך דער בורזשואַזיע, מוזען, פֿערשטעהט זיך, אויך די עיקר-ראָלע שפּילען די מאָטיווען פֿון דער לעצטער, איהרע אינטערעסען. מיט איין וואָרט, מיר זענען דער מיינונג, אַז אין דער געגענוואַרטיגער אָרגאַניזירונג פֿון דער פּראָדוקציאָן טרעט אַרויס אַלס אַ בעשטימענדער סוביעקט די בורזשואַזיע מיט

*) שעפֿלע, Bau und Leben des socialen Körpers

איִהרע קלאַסען=איִנטערעסען, זיִ גיִעבּט איִהר צוּ דיִ אָדער יענע פֿאָרם, דעם אָדער יענעם חאַראַקטער, ענטשפּרעכֿענד איִהרע עקספּלואַטאַטאָריִשע ציִלען.

יעדע בּוּרזשואַזיע, האָבּענדיִג פֿאַר זיִך סוּבּיעקטיִוו=איִינוּוערטיִגע אַרבּייִטער=מאַסען פֿוּן צווייִ פֿערשיִדענע גרוּפּען, וועט תמיד גיִכֿער געבּען אַרבּייִט דער מאַסע, צוּ וועלכֿע זיִ זעלבּסט געהערט. דיִ אוּרזאַכֿען דערפֿוּן זענען, נאָך אוּנזער מייִנוּנג, פֿאָלגענדע: 1) דיִ אָרגאַניִזאַציאָן פֿוּן יעדער אוּנטערנעמוּנג פֿאָדערט פֿריִהער פֿוּן אַלעמען, אַז איִהר סוּבּיעקט זאָל פֿערשטעהן דיִ, מיִט וועלכֿע ער מוּז קוּמען איִן פֿערבּיִנדוּנג; איִן אוּנזער פֿאַל מוּז דיִ בּוּרזשואַזיע פֿערשטעהען דיִ שפּראַך פֿוּנ'ם אַרבּייִטער. „דער אוּנטערשיִעד איִן דער שפּראַך בּיִלדעט איִינע פֿוּן דיִ וויִכֿטיִגסטע שטערוּנגען פֿאַר דיִ געזעלשאַפֿטליִכֿע פֿערהעלטניִסען, פֿאַר דיִ געזעלשאַפֿטליִכֿע פּראָדוּקציאָן"*) און ווייטער: „יעדער וועט נאַטיִרליִך בּעסער אַרבּייִטען און בּכלל קוּמען איִן עקאָנאָמיִשע פֿערהעלטניִסען מיִט דיִ, מיִט וועלכֿע ער קען זיִך דוּרכֿשמוּעסען"**). דיִ טעכֿניִשע אָרגאַניִזאַציאָן פֿוּן יעדער פֿאַבּריִק אָדער זאַוואָד פֿאָדערט מעגליִכֿערוויייז אַ איִינאַרטיִגע מאַסע, אַ אַרבּייִטער=מאַסע, וואוּ יעדער זאָל לייכֿט פֿערשטעהען דעם צווייִטען; דיִ איִנטערעסען פֿוּן יעדער אוּנטערנעמוּנג פֿאָדערען, אַז אַלע, וואָס זענען איִן איהר בּעשעפֿטיִגט, זאָלען וועניִגסטענס פֿערשטעהען דיִ שפּראַך איִינער דעם צווייִטענס. עס איִז זעלבּסטפֿערשטענדליִך, אַז מיִר קוּקען דאָ אויף דער שפּראַך ניִט וויִ אויף אַ נאַציאָנאַלען איִיגענטוּם, וואָס דאַרף פֿון אונז קוּלטיִוויִרט ווערען; נאָך וועניִגער וויִ אויף אַ בּעוואוּסטזיִניִגען איִדעאָלאָגיִשען מאָמענט, וואָס קען, אַלס אַזעלכֿער, שטערען דער נויטיִגער עקאָנאָמיִשער ענטוויִקלוּנג. אויסער דעם, וואָס דיִ שפּראַך האָט אַ אוּנגעהייִערע בּעדייטוּנג, אַלס דיִ טיִפֿסטע אויסערוּנג פֿוּן דער איִינאַרטיִגער נאַציאָנאַל=קוּלטוּרעלער סביבה, שטעלען מיִר זיִך אויף איִהר דאָ בּעזוּנדערס אָבּ אַלס אויף אַ נויטיִגען טעכֿניִשען צוזאַמענבּוּנדס=מיִטעל, אָהן וועלכֿען ס'זענען אוּנמעגליִך וועלכֿע ס'ניִט איִז פֿערבּיִנדוּנגען; אַ טעכֿניִשען מיִטעל, וואָס איִז ניִט נאָר אַ רעזוּלטאַט פֿוּן מאַטעריאַלע בּעציִהוּנגען, נאָר אויך אַ סבה פֿוּן אַזעלכֿע פֿערבּיִנדוּנגען. דיִ שפּראַך איִז איִינער פֿוּן דיִ קאָמפּליִציִרטסטע טעכֿניִש=געזעלשאַפֿטליִכֿע מיִטלען, און איִהר פֿערבּייטוּנג איִז פֿערבּוּנדען מיִט גרויסע שוויִריִגקייטען, פֿאָדערט פֿיִלע כּחות און ענערגיע און דער עיקר פֿאָדערט אַ גרויסען פּעריִאָד צייט. אמת, דיִ גאָר גרויסע פּראָדוּקציאָן שטעהט העכֿער פֿוּן דיִ נאַציאָנאַלע שפּראַכֿען, פֿערשפּרייִטענדיִג איִהרע סחורות איִן דיִ פֿערשיִדענסטע לענדער, צוויִשען דיִ פֿערשיִדענסטע נאַציעס. דאָס אַלעס איִז אָבּער נאָר ריִכֿטיִג בּיחס צוּם האַנדעל, צוּם פֿערקויפֿען דיִ סחורות, בּיים זוּכֿען דיִ מערק — דאַן, פֿערשטעהט זיִך, מוּז דיִ גרויס=בּוּרזשואַזיע זיִך צוּפּאַסען צוּם מאַרק: זיִ מוּז אָנקוּמען צוּ דער היִלף פֿוּן קאָמיִ=וואָיאַזשאָרען, קאָמיִסיאָנס=קאָנטאָרען און פֿיִעלע

*) קויטסקי, דיִ מאָדערנע נאַציאָנאַליִטעט, ז. 29.

**) Ibid, אוּנזער קוּרסיִוו.

אנדערע פערמיטלער-אנשטאלטען, וואו עס הערשט די „פיעל-שפראכיגקייט"; אין זעלטענערע פאלען, ווען זי דארף קויפען אזעלכע מאטעריאלען, וואס ס'איז ניט צו בעקומען אויפ'ן היימישען מארק אדער זיי זענען פיעל טייערער אויפ'ן לעצטען.

דאס לעצטע איז מעגליך אויך ביחס צו דער ארבייטס-קראפט. אין אונזער פאל אבער, ווען פאר דער קריסטליכער בורזשואזיע שטעהען צוויי סוביעקטיוו-איינוועררטיגע ארבייטער-מאסען, וועט זי „נאטירליך" בעסער קומען אין פערהעלטניסען מיט די פון זיי, מיט וועלכע זי קען זיך „דורכשמועסען". אמת, די ארבייטער פון דער צווייטער נאציאנאלער גרופע, וועלכע זענען געצוואונגען צו זוכען ארבייט ביי א „פרעמדער" בורזשואזיע, וועלען מיט דער צייט זיך מוזען צופאסען צו איהר שפראך, צו איהר גייסט, זיך אסימילירען, אזוי צוזאגען. נאר ערשטענס, גיט זיך ניט איין אזוי לייכט א מאסע צו בייטען א שפראך. דאס איז, ווי מיר האבען שוין בעמערקט, א גאנץ שווערער היסטארישער פראצעס, וואס פאדערט א לאנג-דויערענדע אנשטרענגונג פון קרעפטען. צווייטענס, און דאס איז זעהר וויכטיג, מיט דער צייט בייטען זיך לחלוטין די קאנקורענץ-בעדינגונגען פון די לכתחילה איינוועררטיגע ארבייטער-מאסען. די פראדוקציאן, ווייזט אויס, וויל ניט ווארטען, ביז וואנען די „פרעמדע" וועלען זיך צופאסען צו איהרע פאדערונגען, און עקספלאאטירט די „נאציאנאלע" ארבייטס-קראפט. אין א קורצער צייט ארום שאפט שוין די לעצטע ניט נאר די נאטירליכע מעהרהייט אין דער פראדוקציאן, וואס פערשווערינגט שוין אין א גרויסער מאס דאס אנקומען פון די „פרעמדע", נאר די היסטארישע אם בעסטען צוגעפאסטע מעהרהייט, די טעכניש אם מעהרסטען ענטוויקעלטע און ערפארענע—און דאס אנקומען פון די „פרעמדע" ווערט כמעט אונמעגליך. אין אנהויב פון דער ענטוויקלונג פונ'ם קאפיטאליזם שטערט די טעכנישע ארגאניזאציאן דעם „פרעמדען" אנצוקומען אויף דער פאבריק פון „פרעמדען" בורזשוא, שפעטער שאפט די טעכנישע ערפארענהייט און געשיקטהייט פון די, וואס האבען פערכאפט א ארט אין דער פראדוקציאן, אזא פליוס, וועלכער מאכט אונמעגליך די קאנקורענץ פונ'ם „פרעמדען" ארבייטער. אזוי, צום ביישפיעל, איז דעם אידישען ארבייטער זעהר שווער צו קאנקורירען יעצט מיט'ן קריסטליכען ארבייטער אין פיעלע העכערע צווייגען, וואו עס פאדערט זיך טעכנישע געוואוינהייט, ערפאהרענהייט און ענטוויקלונג; צוריק-זשע מיט איינינגע צעהנדליגע יאהרען און אין פיעלע געגענדען נאך יעצט האט דער קריסטליכער פאבריקאנט ניט געקענט זיך צונויפשמועסען מיט'ן אידישען ארבייטער.

2) די צווייטע אורזאכע, — און זי איז פיעל וויכטיגער און דער עיקר איהר ווירקונג איז א מעהר דויערענדע—איז דאס, וואס יעדער קלאסען-אנטאגאניזם, געפארבט אין א נאציאנאלען אונטערשיעד, ווערט פיעל פערשטארקט. יעדע בורזשואזיע פיהלט גאנץ גוט, אז יעדער קלאסען-קאמפף ווערט געפיהרט

מיִט מעהר האַס, מיִט מעהר פֿערדרוס, ווען דער דריִקער געהערט צו אַ
פֿרעמדער נאַציאָן. דער קלאַסען=תהום ווערט פֿערבּרייִטערט און פֿערטיִעפֿט
דורךְ דעם נאַציאָנאַלען אונטערשיִעד. דער קלאַסען=בּעוואוסטזיין, געפֿאַרבּט
איִן אַ נאַציאָנאַלען קאָליִר, וואַכסט שנעלער און שטאַרקער, דיִ קאַמפּפֿסמיִטלען
זענען שטרענגער און שאַרפֿער. דעם „אייִגענעם" פּראָלעטאַריאַט גיִט זיִךְ גאַנץ
אָפֿט איין צו פֿערדרעהען דעם קאָפּ מיִט פֿערשיִדענע נאַציאָנאַליִסטיִשע טעאָ=
ריען פֿון ליִעבּע און עהרע צו דיִ פֿאָלקס=איִדעאַלען, צו דער פֿערגאַנגענהייט...
אַפֿילו איִן דייטשלאַנד, וואו דער קלאַסען=אַנטאַגאָניִזם, אַ דאַנק דער עקאָנאָמיִ=
שער ענטוויִקלונג, טרעט אַרויס גאַנץ שאַרף און דער קלאַסען=בּעוואוסטזיין האָט
פֿערכאַפּט דיִ בּרייִטסטע אַרבּייטער=מאַסען, איִן דייטשלאַנד, וואו דיִ סאָציאַל=
דעמאָקראַטיע האָט ערשט ניִט לאַנג געפֿייערט איִהר גרעסטען נצחון, אויךְ דאָר=
טען געפֿיִנען זיִךְ נאָךְ יעצט הונדערטער טויזענדער פּראָלעטאַריער אונטער דער
וויִרקונג פֿון דער בּורזשואַזיע מיִט איִהרע קריִסטליִךְ=נאַציאָנאַליִסטיִשע „איִדע=
אַלען".

פֿערשטעהט זיִךְ, אַז דאָרטען, וואו עס קאָנקוריִרען צוויִשען זיִךְ פֿער=
שיִדענע נאַציאָנאַלע גרופּען פֿון אַרבּייִטער, נוצט דיִ בּורזשואַזיע אַ סךְ בּרייִטער
אויס איִהר „ליִעבּע" צום „אייִגענעם" פֿאָלק, צום „אייִגענעם" אָריִמען בּרודער.
דיִ עקספּלואַטאַציאָנס=דאָרשטיִגע בּורזשואַזיע ווייִסט גאַנץ גוט, וויִ אויסנוצען
דאָס אונבּעוואוסטזיין פֿון דעם אַרבּייִטער. אָנווייזענדיִג דעם לעצטען אויף דיִ גע=
פֿאַהר פֿונ'ם הונגעריִגען פֿון אַ צווייִטער נאַציאָן, אָנווענדענדיִג זיין אויפֿמערק=
זאַמקייט אויף דער סכּנה פֿון דער זייט פֿונ'ם אַרבּייִטער פֿון אַ אַנדער גלוי=
בּען, האָפֿט זיִ, און בּיִז אַ געוויִסער צייט און איִן אַ געוויִסען גראַד גיִט זיִךְ עס
טאַקיִ איִהר איין צו פֿערדונקלען זיין קלאַסען=בּעוואוסטזיין, אָבּנייִגען זיינע שטאַרקע
אויגען פֿונ'ם וויִרקליִכען שונא פֿון דיִ בּייִדע הונגעריִגע קאָנקורענטען. אויס=
נוצענדיִג דיִ קאָנקורענץ צוויִשען דיִ פּראָלעטאַריער, וועלכע מוז עקסיִסטיִרען
איִן דער קאַפּיִטאַליִכטיִשער געזעלשאַפֿט, האָפֿט דיִ בּורזשואַזיע צו צושטערען
דערמיִט דיִ סאָליִדאַריִטעט פֿונ'ם גאַנצען פּראָלעטאַריאַט, דיִ סאָליִדאַריִטעט,
וועלכע איִז זעלבּסט אַ רעזולטאַט פֿון דער הייִנטיִגער אָרדנונג, נאָר פֿיִהרט זיִ
אָבּער צו איִהר קבר. ניִט פֿון ליִבּע שרייבּט אויס דיִ רוסיִשע רעגיִרונג, אַלס
אונטערנעמעריִן פֿון דיִ גרעסטע אַייזענבּאַהן=געבּיידען, רוסיִשע אַרבּייִטער קיין
פּוילען צו בּויען בּריִקען, וואָקזאַלען א. א. וו. יעדע בּורזשואַזיע אויף איִהר
אָרט וואָלט דאָסזעלבּע געטהאָן האָבּענדיִג פֿאַר זיִךְ אייִנוועריטיִגע אַרבּייִט,
וועט זיִ כּסדר פֿאָרציהען דיִ נאַציאָנאַלע אַרבּייִט, ווייל זיִ האָפֿט מיִט דיִ „אייִגענע"
בּריִדער גיִכער דורכצוקומען, פֿיִעלע קאָנפֿליִקטען אויסצומיידען און איִן פֿילע
היִנזיִכטען זייִ נאָךְ אויסצונוצען צוליִעבּ פּאָליִטיִשע ציִעלען. אַזוי, צום בּיישפּיִעל,
האָבּען דיִ דייטשע אַגראַריער איִן דיִ פּויליִשע פּראָוויִנצען זיִךְ גענוצט מיִט דיִ
שטיִמען פֿון זייִערע דייטשע בּאַטראַקען—פֿון זייִערע קלאַסען=געגנער. דיִ שטרע=
בּונג צו פֿערווישען דעם קלאַסען=אַנטאַגאָניִזם, וועלכע גיִט זיִךְ מעהר איין דורךְ

פֿאַלשע ליבע צו דער אייגענער נאַציאָן, אַלס דורך ריינע פֿילאַנטראָפּיע=זאָרגען
פֿיר די ליידענדע, טרייבט די בורזשואַזיע צו פֿיהרען אַ נאַציאָנאַליסטישע פּאָ=
ליטיק. און ווען די גאָר גרויסע בורזשואַזיע, אויף אַ געוויסע שטופֿע ענטוויק=
לונג רעדט וועגען קאָסמאָפּאָליטיזם, וועלכער דריקט זיך אין דער וויר=
קליכקייט אויס אין'ם אימפּעריאַליזם, בלייבט די מיטעלע בורזשואַזיע —
און די גרעסטע צאָהל רוסישע פֿאַבריקאַנטען מוזען צוגערעכענט ווערען צו
דער לעצטער קאַטעגאָריע—תמיד נאַציאָנאַליסטיש. ביי דער יעצטיגער שטופֿע
ענטוויקלונג פֿונ'ם רוסישען קאַפּיטאַליזם בלייבט אפילו די רוסישע גרויס=בור=
זשואַזיע מעהר נאַציאָנאַליסטיש, אַלס אימפּעריאַליסטיש, און וועגען קאָסמאָפּאָ=
ליטיזם וויל זי דערווייל אפילו ניט הערען. דיזע מאָטיוען—ניט פֿערשטאַרקען
דעם קלאַסען=אַנטאַגאָניזם דורך די נאַציאָנאַלע געגענזעצע — זענען געוויס די
שטאַרקסטע, וואָס דערלאָזען ניט דעם קריסטליכען פֿאַבריקאַנט צוצונעמען
אידישע אַרבייטער.

3. די סכנה פֿון דער אַרבייטס=לאָזיגקייט. מיר האָבען אין איינעם פֿון די
פֿריהערדיגע קאַפּיטלאַך שוין גערעדט וועגען דעם בעזונדערען כאַראַקטער פֿון
דער אַרבייטס=לאָזיגקייט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט. מיר האָבען
אָנגעוויזען, אַז אין דער כראָנישער אַרבייטס=לאָזיגקייט, וועלכע איז כאַראַק=
טעריסטיש פֿאַר אונזער צייט, טרעטען אַם שאַרפֿסטען אַרויס די ווידערשפּריכע
פֿון דער יעצטיגער אָרדנונג. דאָ וועלען מיר זיך נאָר אָבשטעלען אויף דער
ווירקונג פֿון דיזער ערשיינונג אויפֿ'ן פֿערהאַלטען זיך פֿון דער בורזשואַזיע צו
דער אַרבייטס=קראַפֿט, וועלכע ווערט איהר פֿאָרגעלעגט אויפֿ'ן מאַרק. די
בלוט פֿון די אַרבייטס=לאָזיגע אַרמעען בענעצען, שפּייזען און בעפֿרוכטען די
פֿעלדער און גערטנער פֿונ'ם בליהענדען קאַפּיטאַליזם. נאָר די שטראָמען פֿון
דיזער מענשענס=בלוט ווערען אַלץ גרעסער, טיפֿער און גרויזאַמער, זיי ווערען
פֿערוואַנדעלט אין אַ מעכטיגען אָקעאַן, וואָס זיינע ברויזענדע כוואַליעס דראָ=
העען צו פֿערטרינקען די גאַנצע געזעלשאַפֿט. און די בורזשואַזיע בעמיהט זיך
צו האַלטען דיזע כוואַליעס אין געוויסע גרענצען: זי שטעלט אָב זייער שטייגען,
ווען זיי בעדראָהען די „געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג"; זי עפֿענט פֿיר זיי אויף די
שלוזען, ווען דאָס איז נויטיג אין קאַמפּף מיט'ן זיך אָרגאַניזירענדען פּראָלעטאַ=
ריאַט. פֿערשטעהט זיך, אַז פֿיר יעדע בורזשואַזיע איז פֿיעל געפֿעהרליכער די
נאַציאָנאַלע אַרבייטס=לאָזיגע אַרמעע. די פֿאָדערונגען פֿון דער לעצטער זענען
תמיד שטרענגער און שטאָלצער, אַלס פֿון דער „פֿרעמדער". דיזע פֿאָדערונגען
שטעקען אָן פֿיעל שנעלער און פֿעסטער די איבריגע אַרבייטער, וואָס זענען
פֿערנומען אין דער פּראָדוקציאָן. אָנווייזענדיג זיי אויף זייער מעגליכער לאַגע,
טרייבענדיג זיי זיך צו פֿערקלערען איבער דער ווירטשאַפֿטליכער סיסטעם, וואָס
איז גורם די אַרבייטס=לאָזיגקייט. פֿערקעהרט, דער פֿרעמדער אַרבייטס=לאָזיגער
רופֿט אַרויס זעהר אָפֿט ביים היימישען אַרבייטער גאָר אַנדערע געפֿיהלען און
געדאַנקען; די ערשיינונג שפּיגעלט זיך אָב אין זיין מח גאָר אין אַנדערע פֿאַר=

בען, זעהר אָפט אין שטאַרק־רעאַקציאָנערע פאַרבען. און אין אַזעלכע פאַלען, ווען די בורזשואַזיע ווערט, צום ביישפּיעל, צונעמען מיטלען, ווי ניט צו דערלאָזען די „פרעמדע“ אין לאַנד אָדער ווי פון זיי פּטור צו ווערען, ווערט זי זעהר לייכט געפינען אַ אָבקלאַנג אין די אַרבייטער־רייהען. אַלס ביישפּיעל קען דינען די בעציהונג פון די אַמעריקאַנישע אַרבייטער צו דער עמיגראַציאָנס־פראַגע; דאָס האַלטען זיך פון די עסטרייכישע אַרבייטער, ווען מען האָט אין בוריסלאַוו אָבגעזאָגט מיט אַמאָל איינינע טויזענד אידישע אַרבייטער. פיעל רעליעפער טרעט אַרויס די שוואַכע לאַגע פון'ם „פרעמדען“ אַרבייטס־לאָזיגען, ווען מיר וועלען זי פערגלייכען מיט דער ווירקונג, וואָס די היימישע האָבען אויף די בורזשואַזיע.

וועגען די פאָדערונגען, וואָס די צעהענדליגער טויזענדער אידישע אַרבייטס־לאָזיגע האָבען אין לאָנדאָן אַרויסגעשטעלט אויף זייער פאָהן, האָט די ענגלישע געזעלשאַפט אפילו ניט געוואוסט און דער פאַרלאַמענט האָט ניט גערעכענט פיר נויטיג אויפצוהויבען די פראַגע. די דעמאָנסטראַציעס פון די היימישע אַרבייטס־לאָזיגע און בעזאָנדערס דאָס פערחאַפּען פון ערד אין מאַנטשעסטער האָט דערשראָקען ניט אויף אַ ווערטעל די בורזשואַזיע, און די מאַשין פון דער אַרבייטער־געזעצגעבונג האָט אָנגעהויבען צו אַרבייטען פיעל שנעלער. די הונגעריגע חינעזער אין דרום־אַפריקאַ ריהרען גאַנץ ווייניג אָן די רוהע פון דער ענגלישער בורזשואַזיע, אין דער צייט, וואָס דאָס אַרויסוואַרפען פון די ענגלישע אַרבייטער פון די גאָלד־גרובען האָט אויפגעריהרט דאָס גאַנצע לאַנד. די ממש פון הונגער שטאַרבענדע אידישע און איטאַליענישע אַרבייטער אין פאַריז ווירקען גאַנץ ווייניג אויפ'ן פראַנצויזישען סאָציאַלען און פאָליטישען לעבען. די מענגען פון פראַנצויזישע אַרבייטס־לאָזיגע ווירקען אויף דער גאַנצער טעטיגקייט פון די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען, און די פערבעסערונגען אין דער אַרבייטער־געזעצגעבונג קומען פאָר אין אַ געוויסער מאָס אונטער זייער ווירקונג. מיט איין וואָרט פאַר יעדער בורזשואַזיע איז „איהר“ אַרבייטס־לאָזיגע אַרמעע פיעל געפעהרליכער, שרעקליכער, אַלס די פרעמדע. און דאָס איז איינע פון די מאָטיווען, וואָס טרייבט יעדע בורזשואַזיע ביי גלייכע בעדינגונגען צו פאָרציהען דעם „איינגענעם“ אַרבייטער דעם „פרעמדען“. בפרט נאָך, אַז זי האָט דאָ די מעגליכקייט צו פערטיידיגען אונטער דער מאַסקע פון ליעבע איהרע רעאַלסטע אינטערעסען. די בורזשואַזיע שטעלט זיך אין אַזעלכע פאַלען תמיד אַרויס פאַר דער ברויט־געבערין פון „די אָרימע ברידער“, פאַר דער רעטערין פון די „נידריגע קלאַסען“ א. ז. וו. דיזע טבע פון דער בורזשואַזיע—צו בלאָזען פון זיך אַ בעל צדקה, אַ בעל־טובה, וואָס ברענגט פאַר אַ קרבן די איינענע אינטערעסען צוליעב דעם היימישען אָרימאַן, צוליעב דעם „ליידענדען אַרבייטער“, און אין דער זעלבער צייט אויסזויגען דאָס בלוט און מאַרך פון דיזען פון דער „פרעמדער“ קאָנקורענץ נערעטעטען „אָרימען ברודער“,—דיזע טבע וועט זי ניט פערליערען כל זמן עס וועט הערשען אַ קאַמפף פאַר אַרבייט, ביז וואַנען „דער

קאמפף פון אלע געגען אלע" וועט ניט איפהערען, ביז וואנען די בורזשואזיע וועט הערשען איבער דער ארבייט און וועט דערום תמיד מורא האבען פאר'ן אויפשטאנד פון דער לעצטער.

4). דער אנטיסעמיטיזם. מיר קענען זיך דא ניט אבשטעלען אויספיהרליך אויף די סבות, וואס רופען ארויס דעם אנטיסעמיטיזם צום לעבען און שפייזען איהם אין זיין ווייטערדיגער עקסיסטענץ; אזוי אויך ניט אויף די פערשיעדענע פארמען, וואס ער נעמט אן ענטשפרעכענד דער אדער יענער ווירטשאפטליכער סיסטעם, וואס הערשט אין דער צייט. פערשטעהט זיך, אז וועניגער פון אלץ קען מען דיזע אורזאכען זוכען אינ'ם ארישען בלוט, אין דער ראסען־פערשידענהייט, אדער אינ'ם ארישען גייסט, אין דער קולטורעלער פערשידענהייט. די אורזאכען זענען פיעל פשוטערע, טאקי גאנץ פערשטענדליכע, מיט א גאר ערדישען אינהאלט: די בורזשואזע עלעמענטען פון פערשידענע נאציאנען קאנקורירען צווישען זיך, שטרייטען פאר דעם אינערען און אויסערען מארק, קעמפפען פאר דעם קאנסומער*), און אויף דיזען באדען וואקסען אויס אזעלכע פרות, ווי דער אנטיסעמיטיזם. דער לייט־מאטיוו פון יעדער קאנקורענט ווערט דא דערפיהרט ביז זיין לאגישען סוף. דער קאמפף נעמט אן א פארם פון א אפענעם געפעכט. די סאציאל־עקאנאמישע פראגראם פונ'ם אנטיסעמיטיזם איז גאנץ פשוט און קורץ: די אידישע פראדוקטען זענען פאלסיפיצירטע — קויפט ניט קיין אידישע סחורה! זיין פאליטישער לאזונג איז נאך קורצער, נאר אבער רייכער מיט פאלגען: (** Homo homini lupus est; זיין אידעאליסטישער אויבערבנין איז גאר א בעפוצטער: די אידישע קולטור איז א צושטערענדע, א אנארכיסטישע, א שעדליכע. ווי באלד די אידישע סחורות זענען פאלסיפיצירטע און מען דארף פערזארגען די קריסטליכע קונים, זיי זאלען זיך חלילה ניט פערגיפטען מיט דיזען סם -- פאר וואס זשע זאל מען זיי שוין אויך ניט רעטען אין איין וועג פון די פאלסיפיצירטע קולטורעלע ווערטע? דער אנטיסעמיטיזם איז אין דער אנטאגאניסטישער געזעלשאפט אזא נאטירליכע ערשיינונג, ווי די רויבערישע קאלאניאלע פאליטיק, דער אימפעריאליזם, און פיעלע אנדערע עהנליכע ערשיינונגען. און ווי שטארק די קולטור זאל ניט אריינדרינגען אין די נידריגסטע שיכטען פון די פעלקער, וועט דאך דער אנטיסעמיטיזם בלייבען, אין א עטוואס געענדערטער פארם, פערשטעהט זיך.

יעצט לאמיר זעהען, ווי ווירקט דער אנטיסעמיטיזם פונ'ם קריסטליכען פאבריקאנט, דער רעזולטאט פון דער קאנקורענץ מיט'ן אידישען פאבריקאנט, אויפ'ן צונעמען פונ'ם אידישען ארבייטער אויף דער קריסטליכער פאבריק. עס איז לייכט צו פערשטעהן, אז די קריסטליכע בורזשואזיע קען ניט אריינפאלען אין אזא ווידערשפרוך: פון איין זייט זיך האלטען פאר דעם

*) א געברויכער פון פראדוקטען.

**) איין מענש איז פיר דעם צווייטען א וואלף.

לאָזונג: „קויפֿט ניט ביי אידען!” און פֿון דער צווייטער זייט אַליין קויפֿען
אידישע סחורה—אידישע אַרבייטס=קראַפֿט. דאָס וואָלט געהייסען ערקלערען די
קריסטליכע מאַסען די אמת׳ע מאָטיווען, וואָס טרייבען זי אויסצורופֿען, אַז
אידישע סחורה טויג ניט, ד. ה. פּשוט עפענען די קאָרטען און זאָגען: „קויפֿט
ניט ביי אידען, ווייל מיינע אינטערעסען פֿאָדערן עס”. נאָר אַזוי פֿיעל נאַאיוו
איז זי גראַדע ניט, די קריסטליכע בורזשואַזיע. זי פֿערשטעהט גאַנץ גוט, אַז
מאַכען אַ פֿרומען פנים, קאַרטשען פֿון זיך אַ פֿאָלקס=פֿריינד, אַ רעטער פֿון
קריסטענטום, פֿון אַרישען רייִנעם גייסט און נאָך אַזעלכע „הייליגע” זאַכען איז
אַסך אַ בעסערער מיטעל אַרויסצורופֿען אַ פֿיינדשאַפֿט ביי די ברייטע מאַסען
צום אידישען סוחר אָדער בעל=מלאכה, אַלס דער מאַטעריאַלער מאָטיוו, דער
שווין צו ערדישער אינטערעס פֿון הערשען אַליין איבער׳ן מאַרק. ס׳פּאַסט דאָך
פּשוט ניט פֿאַר דער זעלבער בורזשואַזיע, וואָס אַנטלויפֿט צעהן מייל פֿון אַלעס
אידישעס, צו פֿעראידישען איהר פֿאַבריק מיט אידישע אַרבייטס=קראַפֿט,
אַריינברענגען דיזען לעבעדיגען יודענטום צו זיך אין שטוב אַריין. און דאָ טרע=
טען אַרויס די רעאַלסטע אינטערעסען פֿון דער קריסטליכער בורזשואַזיע. זי
מעג שרייען, אַז זי דינט גאָט, נאָר מיר ווייסען אָבער, אַז איהר גאָט איז ממון.
די קריסטליכע בורזשואַזיע קען צונעמען אידישע אַרבייטער נאָר ביי גאָר אויס=
נאָמס=בעדינגונגען. ביי אַ געוועהנליכער לאַגע, אין אונזער פֿאַל, ווען דער קריסט=
ליכער בורזשואַזיע שטעהט פֿאָר פֿריי אויסצוקלייבען צווישען אידישע און קריסט=
ליכע אַרבייטס=קראַפֿט, איז זעלבסט=פֿערשטענדליך, אַז זי וועט בעסער זיך
בענוצען מיט דער לעצטער; און זי פֿערשליסט די טיר פֿון איהר פֿאַבריק
פֿאַר׳ן אידישען אַרבייטער. צו דיזע אַלע אויסגערעכענטע סבות, וואָס טרייבען
די קריסטליכע בורזשואַזיע צו פֿאָרציהען דעם קריסטליכען אַרבייטער דעם אי=
דישען, קענען מיר נאָך צוגעבען אַ גאַנצע רייהע אורזאַכען מיט אַ שוואַכערער
אָדער שטאַרקערער בעדייטונג, מיט לענגערער אָדער קורצערער ווירקונג, אור=
זאַכען, וועלכע פֿערשטאַרקען פֿיעל די דערמאָנטע ערשיינונג. ניט דאָס איז
אָבער אונזער ציעל דאָ. מיר האָבען געוואָלט דער עיקר אָנווייזען אויף די מאָ=
טיוועז פֿון דער קריסטליכער בורזשואַזיע, וועלכע זענען וועניגער פֿון אַלץ אָב=
העננגיג פֿון דער אָדער יענער פּאָליטישער לאַגע, פֿון דעם אָדער יענעם קול=
טורעלען צושטאַנד: מאָטיווען, וועלכע געפֿינען זייער הויפּט=
גרונד אינ׳ם כאַראַקטער פֿונ׳ם געגענוואַרטיגען סו=
ביעקט פֿון דערווירטשאַפֿט. און וועניגער פֿון אַלץ
איז אין די הענד פֿון די אידישע אַרבייטער זיי צו
ענדערען אָדער זיך זעלבסט צוצופּאַסען צו זיי. מיר
האָבען געוואָלט דער עיקר אָנווייזען אויף די אָביעקטיווע מאָמענ=
טען, וואָס פֿערהאַלטען די עקאָנאָמישע אַסימילאַציאָן פֿונ׳ם אידישען אַר=
בייטער, אויף די אויסערליכע סבות, וועלכע איזאָלירען דעם
לעצטען פֿונ׳ם קריסטליכען פּראָלעטאַריאַט, אויסערליכע סבות, וואָס זענען ווע=

נִיגער פֿון אַלץ אָבּהענגניג פֿונ'ם ווילען אִי פֿון דעם אידישען אִי פֿון דעם קריסטליכען פּראָלעטאַריאַט.

---

## XII.

מיר געהען איבּער צו דער צווייטער העלפֿט פֿון דער פֿראַגע: פֿאַרוואָס שטרעבּט דער אידישער זיך אינדוסטריאַליזירענדער קאַפּיטאַל צו בּעפֿרייען זיך פֿון דער אידישער אַרבּייטס-קראַפט? דייטליכער, פֿאַרוואָס מיידט אויס דער אידישער גרויס-קאַפּיטאַל דעם אידישען אַרבּייטער?

אין אונזער בּעשרייבּונג האָבּען מיר בּעוויזען, אַז וואָס מעהר די אידישע פּראָדוקציאָן געהט איבּער צו העכערע פֿאָרמען, וואָס גרעסערע מאַסשטאַבּען זי נעמט אָן, וואָס מעהר די אידישע פּראָדוקציאָן הויבּט אָן זיך צו נוצען מיט דער מאָדערנער טעכניק, — אַלץ מעהר יאָגט זי זיך נאָך נאָך ניט-אידישער אַרבּייטס-קראַפֿט, אַלץ מעהר שטרעבּט זי צוצוציהען די אַרבּייטס-קראַפֿט פֿון דער מעהרהייט, צווישען וועלכער איהר קומט אויס צו לעבּען און האַנדלען. איהר שטרעבּען צו אַראָבּוואַרפֿען פֿון איהרע אונטערנעמונגען דעם אידישען שטעמפּעל ווערט אַלץ שטאַרקער, איהר ווילען וואָס מעהר עהנליך צו ווערען צו דער בּורזשואַזיע פֿון דער הערשענדער נאַציאָן ווערט אַלץ פֿעסטער און רעליעפֿער. וואו ליגט דער גרונד פֿון דיזער ערשיינונג? וואו דאַרף מען זוכען די גרונד-אורזאַכען פֿון דיזער פֿאַר דער אידישער אַרבּייטער-מאַסע מעהר אַלס וויכטיגע ערשיינונג? צו איז די לעצטע אַ צייטליכע, אַרויסגערופֿען פֿון צופֿעליגע, מאָמענטאַלע סבּות, אָדער איהר ענטשטעהונג ליגט אין די מאַטעריעלע אינטערעסען פֿון דער אידישער בּורזשואַזיע, אין איהרע עקאָנאָמישע אינטערעסען, אַלס אַ קלאַס, און די בּעמערקטע ערשיינונג איז אַ סאָציאַל-נויטווענדיגע, אַ היסטאָריש-דויערענדע? נאָך אונזער מיינונג קען מען אויף דיזער פֿראַגע געבּען נאָר איין ענטפֿער: די רעאַלע עקאָנאָמישע אינטערעסען פֿון דער אידישער גרויס-בּורזשואַזיע פֿאָדערען פֿון איהר צו אַסימילירען זיך מיט דער בּורזשואַזיע פֿון דער הערשענדער נאַציאָן און דאָס הייסט צום אַלעם ערשטען אַסימילירען די אונטערנעמונגען; אויף דער פּשוטער לעבּענס-שפּראַך הייסט עס פֿאָלגענדעס: די עקספּלואַטאַציאָנס-צוועקען פֿון דער אידישער בּורזשואַזיע נויטען זי צו פֿערבּייטען דעם אידישען אַרבּייטער אויפֿן קריסטליכען.

בּלייבּענדיג טריי דעם גייסט פֿונ'ם עקאָנאָמישען מאַטעריאַליזם, מוזען מיר בּיים בּעהאַנדלען פֿון דעם פֿערהאַלטען זיך פֿון דער אידישער גרויס-בּורזשואַזיע צו דער אידישער אַרבּייטס-קראַפֿט נעמען אין בּעטראַכט איהר בּעזונדערע סאָציאַלע לאַגע, אַלס אַ קלאַס פֿון אַ ניט-זעלבּסטשטענדיגער נאַציע; מיר מוזען זיך גענוי צוקוקען צו דער קאָנקרעטער ספּעציפֿישער לאַגע פֿון דיזער בּורזשואַזיע פֿון אַ איינגענאַרטיגער נאַציאָנאַלער גרופּע, אַ גרופּע, וואָס בּילדעט אומעטום

אַ אונבּעדייטענדע, צווייטע און צושפּרייטע מינדערהייט. מיר מוזען אָנווייזען אויף דעם קאַמפּף, וואָס קומט אויס צו פֿיהרען דער אידישער בּורזשואַזיע פֿאַר די רעכטע צו עקספּלואַטירען גלייך מיט דער בּורזשואַזיע פֿון דער הערשענדער מעהרהייט. און ערשט דאַן וועלען מיר קענען ריכטיג אָבּשאַצען די ווירקונג אויף דער אידישער בּורזשואַזיע פֿון די מאָמענטען, וואָס מיר האָבּען אויסגערעכענט, ווען מיר האָבּען גערעדט וועגען דער קריסטליכער בּורזשואַזיע; ערשט דאַן וועלען מיר קענען אָנצייכנען די ריכטונג, נאָך וועלכער די דערמאָנטע ווירקענדע כּוחות נייגען אָבּ אָן אַ זייט, געווינענדיג אין זייער קראַפֿט אָדער פֿערלירענדיג. איבּערטראָגען איינפֿאַך די געזעצען, וואָס הערשען אין איין געזעלשאַפֿטליכע גרופּע, בּיי אַ בּעשטימטער היסטאָריש-אויסגעוואַכסענער קאָמבּינאַציאָן פֿון אַנטאַגאָניסטישע און האַרמאָנישע סאָציאַלע קרעפֿטען, — איבּערטראָגען דיזע געזעצען אין אַ צווייטער סביבה, ניט אָנווייזענדיג אויף די נויטיגע ענדערונגען, וואָס מוזען אין זיי פֿאָרקומען, אדאַנק דער נייער קאָמבּינאַציאָן פֿון שטרייטענדע און סאָלידאַר'ע כּוחות; ניט אָנווייזען אויף די אייגענאַרטיגע קאָלירען, אין וועלכע די דערמאָנטע ווירקענדע געזעצען מוזען פֿערפֿאַרבּט ווערען בּיים צופּאַסען צו דיזער נייער סביבה — דאָס וואָלט געהייסען פשוט בוגד זיין אין די הויפּט-פּרינציפּען פֿונ'ם דיאַלעקטישען מאַטעריאַליזם.

פֿריהער האָבּען מיר גערעדט וועגען אַ בּורזשואַזיע, וואָס הערשט איבּער'ן גרויסען שטאַאַטליכען אינערען מאַרק, ווייל זי שאַפֿט דאָרט די הערשענדע מעהרהייט, וואָס שטרעבּט צו פֿערהאַפּען אַ פּאַסענדעס אָרט אויפ'ן אויסערען אַלוועלטיכען מאַרק, אַ אָרט, וועלכעס זאָל ענטשפּרעכען איהר קראַפֿט, וואָס זי שטעלט פֿון זיך פֿאָר אויפ'ן אינערען מאַרק. יעצט האָבּען מיר צו טהאָן מיט אַ בּורזשואַזיע, וואָס דאַרף זיך ערשט ערקעמפּפֿען די רעכטע אויפ'ן שטאַאַטליכען אינערען מאַרק און, זיך שטיצענדיג אויף דיזע שוין ערוואָרבּענע רעכטע, ערשט פֿאָדערען שוין בּיי דער הערשענדער בּורזשואַזיע אויך אויפ'ן אויסערן מאַרק. „ערקעמפּפֿען" דאַרף מען דאָ, פֿערשטעהט זיך, ניט פֿערטייטשען אין רעוואָלוציאָנערען זין, נאָר אין זין פֿון „דערשלאָגען" זיך, „דערגרייכען". די הערשענדע בּורזשואַזיע איז תמיד נאַציאָנאַליסטיש אָדער אימפּעריאַליסטיש; די צווייטע איז אָדער אַסימיליאַטאָריש, ד. ה. ניט נאָר אַנטי-נאַציאָנאַל בּיחס צום אייגענעם פֿאָלק, נאָר אויך פּאַטריאָטיש בּיחס צו דער הערשענדער נאַציע, אָדער קאָסמאָפּאָליטיש, ד. ה. ניט נאָר גלייכגילטיג בּיחס צום אייגענעם פֿאָלק, נור אויך אימפּעריאַליסטיש בּיחס צו דער הערשענדער נאַציע.

די אידישע גרויס-בּורזשואַזיע אין רוסלאַנד איז תמיד געווען און וועט אייבּיג בּלייבּען רוסיש-פּאַטריאָטיש און אידיש-אַסימיליאַטאָריש.

פֿערשטעהט זיך, אַז בּיז וואַנען זי פּראָדוצירט פֿאַר'ן בּעגרענצטען היימישען מאַרק, בּיז וואַנען זי בּלייבּט בּיי דער מאַנופֿאַקטור אָדער ווערקשטאַט, נוצט זי זיך נאָך מיט אידישע אַרבּייטער, זי בּלייבּט אין די ראַמען פֿון דער אידישער טשערטאַ, לעבּענדיג מעהרסטענטיילס פֿונ'ם אידישען קאָנ-

סומער, עקספּלואַטירענדיג כמעט נאָר אידישע אַרבייטס־קראַפֿט. געהט זי אָבער נאָר איבער צו דער אינדוסטריע, ד. ה. צו דער פּראָדוקציאָן פֿאַר'ן ברייטען שטאַאַטליכען מאַרק אָדער פֿאַר'ן ווייטען אויסערען מאַרק, דאַן מוז זי אַרויס פֿון דער אידישער טשערטאַ, די ראַמען פֿון דער לעצטער ווערען פֿאַר איהר ענג. זי זוכט עהנליך צו ווערען צו דער אַלגעמיינער בורזשואַזיע, אום צו האָבען די זעלבע רעכטע, וואָס זי אויפ'ן אינערען מאַרק; זי מיהט זיך צו בעווייזען איהר טריישאַפֿט און איבערגעגעבענהייט דעם לאַנד, אין אמת'ן דער הערשענדער בורזשואַזיע, אום צו בערעכטיגען איהרע פּרעטענזיעס אויף אַ חלק אין דער עקספּלואַטאַציאָן פֿונ'ם אויסערען מאַרק. אום צו האָבען אַלע פּריווילעגיעס, מיט וועלכע די בורזשואַזיע נוצט זיך היינט ביי איהר עקספּלואַטאַציאָן פֿון דער אַרבייטס־קראַפֿט, פֿונ'ם קאָנסומער און פֿון די נאַטור־רייכטימער פֿון לאַנד, ביים פֿערכאַפּען פֿון גאַנצע פֿרעמדע לענדער,—מיט איין וואָרט, אום צו זיין גלייכבערעכטיגט מיט דער בורזשואַזיע פֿון דער הערשענדער נאַציע מוז די אידישע בורזשואַזיע זיך סטאַרען גלייך זיין צו איהר, אייגענטליך, ווערען אַ חלק פֿון איהר, אַ גלייכער מיטגליעד, אין גאַנצען אַ עהנליכער, אַ אַסימילירטער. גלייך אָדער עהנליך ווערען הייסט אָבער ניט נאָר רעדען אויף דער שפּראַך פֿון דער הערשענדער בורזשואַזיע, לעבען מיט איהרע מנהגים, זינגען איהרע נאַציאָנאַליסטישע אָדער אימפּעריאַליסטישע לידעלאַך; מען מוז אויך אַסימילירען די מאַטעריע, אַזוי צו זאָגען; די אונטערנעמונגען דאַרפֿען אַסימילירט ווערען, די פֿאַבריק דאַרף זיך ניט וואַרפֿען אין די אויגען מיט איהר „נאַציאָנאַלען" כאַראַקטער, דאָס געשעפֿט דאַרף וועניגער פֿון אַלץ אויסזעהען „אידיש"— און דאָס איז מעגליך נאָר דאַן, ווען דער אידישער אַרבייטער, דיזער לעבעדיגער נאַציאָנאַלער שטעמפּעל, וועט פֿערביטען ווערען אויפ'ן קריסטליכען, אָדער וועט גאָר ניט צוגענומען ווערען אויף דער פֿאַבריק.

אויף אַזאַ אופֿן ווערט אונז גאַנץ פֿערשטענדליך, פֿאַר וואָס די אידישע בורזשואַזיע פֿון מערב־אייראָפּאַ גיט און וועט געוויס נאָך אַ לאַנגע צייט געבען מיליאָנען אויף העלפֿען אידישע עמיגראַנטען, נאָר זי וועט קיינמאָל ניט צונעמען אַפֿילו איין אידישען אַרבייטער אין די פֿיעלע אונטערנעמונגען, וואָס זי האָט אין די שטעדט, דורך וועלכע די אונגליקליכע וואַנדערער פֿאָהרען דורך און וואו זיי הונגערען אָפֿט ניט איין חדש. זעהר כאַראַקטעריסטיש איז אין דעם הינזיכט די אַלעמען בעקאַנטע ערשיינונג, אַז פֿיעלע פֿון די פּאַטריאַרכאַלישע אידישע נגידים שרייבען אין זייערע צוואות, אַז די קינדער זאָלען ניט אָבזאָגען די אידישע אַרבייטער. עס זעהט אויס, ווי זיי וואָלטען אינסטינקטיוו געפֿיהלט, אַז ביים יונגען דור, פשוטער גערעדט, מיט'ן וואַקסען פֿון געשעפֿט וועלען די אידישע אַרבייטער זיך ניט האַלטען אויף דער פֿאַבריק.

אײדער מיר װעלען אָנװײזען, װי די אַלע העכֿער אױסגערעכֿענטע *) כאַראַקטעריסטישע פֿאַר דער בורזשואַזיע זײטען בעקומען אַ בעזונדערען קאָליר אונטער דער װירקונג פֿונ'ם נאָר=װאָס אָנגעצײכֿענטען פֿאַקטאָר — די טענדענץ פֿון דער אידישער בורזשואַזיע צו אַסימילירען איהרע אונטערנעמונגען,—װעלען מיר זיך נאָך ערלױבען אײניגע װערטער װעגען דער קולטורעלער אַסימי=ליאַציע פֿון פערשידענע טײלען פֿון אידישען פֿאָלק. ערשטענס, מוזען מיר בעמערקען, אַז בכלל איז יעדער בורזשואַזיע פֿיעל לײכֿטער זיך צוצופּאַסען צו אַ פֿרעמדער קולטור, אַלס די אַרבײטער=מאַסען. און דאָס איז גאַנץ פֿער=שטענדליך: די העכֿערע קלאַסען בילדען פֿון זיך אין כּמות אַ מינדערהײט פֿון פֿאָלק און אַ מינדערהײט, װאָס לעבט מערסטענטײלס אָבגעריסען פֿון די ברײ=טע פֿאָלקס=מאַסען און דערום װעניגער צוגעבונדען צו איהרע היסטאָריש=קול=טורעלע לעבענס=פֿאָרמען, װעלכֿע זענען אימער נאַציאָנאַל, גראַדע דערפֿאַר, װאָס זײ זענען פֿאָלקס=פֿאָרמען. חוץ דעם שאַפֿען זײ פֿון זיך די ענטװיקעל=סטע טײל פֿון פֿאָלק, װאָס בעזוכט די מיטעלע און העכֿערע שטאַאַטליכֿע שולען, װאו עס הערשט תּמיד די קולטור פֿון דער הערשענדער נאַציע, זײ טײלען אַרױס פֿון זיך די בורזשואַזע אינטעליגענץ, װאָס שטעהט תּמיד נאָ=הענטער צו דער קולטור פֿון דער הערשענדער נאַציע און װירקט דערום אַסימילאַטאָריש אױף דער סביבה, אין װעלכֿער זי לעבט. דער פּראָצעס זעלבסט פֿון דער קולטורעלער אַסימילאַציע איז פֿאַר די דערמאָנטע קלאַסען פֿיעל לײכֿטער ניט נאָר אין אָביעקטיװען זין, װי מיר האָבען ערשט אָנגעװיזען, נאָר אױך אינ'ם סוביעקטיװען זין. דער קאַפּי=טאַליסט, װעלכֿער איז נאָך זײן סוביעקטיװער שטימונג גראַדע אידיש=נאַציאָנאַל אָדער, װאָס עס טרעפֿט אָפֿטער, רעליגיעז געשטימט, קען ביז אַ צײט בלײבען טרײ זײנע אינערליכֿע איבערצײגונגען, אין דער צײט, װאָס זײן אונטערנעמונג איז אין גאַנצען אַסימילירט. דער קאַפּיטאַל האָט אַ טבע צו פֿיהרען זײן עקספּלואַטאַטאָרישע עקסיסטענץ אונפּערזענליך — און װען דער אידישער פֿרומער גביר רעטעט זײן נשמה שבת אין שוהל דורך אַ עליה אָדער פּסח בײם סדר דורך דער הגדה, װערט זײן גוף אין דער זעלבער צײט אױך גערעטעט פֿון בלוט און שװײס פֿון פֿיעלע קריסטליכֿע אַרבײטער, װאָס קלאַ=פּען מיט'ן האַמער אין פֿאַבריק אָדער מיט דער פּען אין קאָנטאָר. ס'איז אַ בע=קאַנטער פֿאַקט, אַז עס איז פֿאַראַן אידישע רעליגיעזע פֿאַבריקאַנטען, װאָס נעמען צו נאָר קריסטליכֿע אַרבײטער, װײל זײ װילען ניט, אַז אידען זאָלען אַרבײטען בײ זײ שבת. מיט אײן װאָרט, די בורזשואַזיע. חוץ דעם, װאָס אָב=יעקטיװ איז זי מעהר אַסימילירט, אַלס די אַרבײטער=מאַסען, לײדען איהרע אײנצעלנע מיטגלידער, װעלכֿע זענען גראַדע סוביעקטיװ ניט אַסימילאַציאָניש געשטימט, װעניגער פֿון דיזען נױטװענדיגען פּראָצעס: די מאַטעריע קען זײן

*) ז. פֿאָריגעס קאַפּיטעל.

אַסימִילִירט, ווען אִיהר סובּיעקט, אִיהר טרעגער זאָל נאָך בּלייבּען געוויִסערמאַסען טריי זיינע אִיבּערצייגונגען.

גאָר עטוואָס אַנדערש אִיז מִיט דִי אַרבּײַטער. דִי אַרבּײַטס־קראַפֿט טרעט אַרויס נאָר פּערזענלִיך, נאָר אִין דער פֿאָרם פֿון לעבּעדִיגע מענשען, ד. ה. נאָר אִין אַ נאַציאָנאַלער פֿאָרם, און אום זִי, דִי אַרבּײַטס־קראַפֿט, דער אָבּיעקט, זאָל אַסימִילִירט ווערען, מוז נאָך פֿרִיהער אִיהר טרעגער, אִיהר סובּיעקט, ענדערען זיין פֿיִזיאָנאָמיע. דִי אַסימִילִיאַציאָן פֿון דער פּערזאָן מוז פֿאָרגעהען דער אַסימִילִיאַציאָן פֿון דער מאַטעריע. אַנדערש געזאָגט, הוץ דעם, וואָס אָבּיעקטִיוו אִיז דִי קולטורעלע אַסימִילִיאַציע פֿונ׳ם אַרבּײַטער פֿיִעל שווערער, פֿאָדערט אַ סך אַ לענגערערע צייט, מעהר כּחות, אִיז זִי סובּיעקטִיוו פֿערבּונדען מִיט גרעסערע פּערזענלִיכֿע לײַדען, מִיט טִיעפֿערע פּערזענלִיכֿע שמערצען: דער אִידִישער רעלִיגִיעזער אַרבּײַטער קען נִיט, צום בּיישפּיִעל, בּלייבּען טריי זיינע אִיבּערצייגונגען און אִין דער זעלבּער צייט פֿערקויפֿען זיין אַרבּײַטס־קראַפֿט דעם קרִיסטלִיכֿען פֿאַבּרִיקאַנט. דער טויטער נִיט־פֿיִהלענדער און נִיט־דענקענדער קאַפּיִטאַל ווערט דאָ געגענאַנאַנדערגעשטעלט נִיט דער אונבּעוואוסטזיִניִגער אַרבּײַטס־קראַפֿט, נאָר דעם לעבּעדִיגען, פֿיִהלענדען און דענקענדען אַרבּײַטער.

ספּעציִעל וואָס אִיז שייך צו דער פֿראַגע וועגען אַסימִילִירונג פֿון פֿערשיִדענע טײַלען פֿון אִידִישען פֿאָלק, מוז מען נאָך צוגעבּען אַ פֿאָלגענדע בּעמערקונג, וועלכֿע האָט אַ היִסטאָרִישען חאַראַקטער. דִי אִידִישע בּורזשואַזיע פֿיִהרט אִיהר יִחוס פֿון דִי פֿיִנאַנץ־און האַנדעלס־עלעמענטען, וועלכֿע האָבּען נאָך אִין אָנהויבּ פֿון 19־טען יאָהרהונדערט, ווען דער רוסיִשער קאַפּיִטאַל אִיז נאָך געווען אִין זיינע וויִקעלאַך, אָנגעהויבּען זיִך צוצופּאַסען צו דער רוסיִשער קולטור און זִי אַיינפֿלאַנצען אִין זײַערע רייִהען. אִיהר קלאַסיִשען אויסדרוק האָט דיִזע שטרעבּונג צו רוסיִשער קולטור געפֿונען אִין דער „חברה מפיצי־השכלה“, וועלכֿע האָט אִינ׳ם וויִסען פֿון דער רוסיִשער שפּראַך געזעהען דִי לעזונג פֿון דער גאַנצער אִידִישער פֿראַגע. פֿערשטעהט זיִך, אַז זִי האָט צונויפֿגעמִישט דִי פֿראַגע פֿון דער אִידִישער וואַכסענדער בּורזשואַזיע מִיט דער פֿראַגע פֿון אִידִישען פֿאָלק. פֿון דִי רייִהען פֿון דיִזע פֿיִנאַנץ־און האַנדעלס־עלעמענטען, שוין אִין אַ געוויִסער מאָס אַסימִילִירטע צו דִי 70 יאָהרען, ווען דער קאַפּיִטאַליִזם האָט זיִך אִין רוסלאַנד בּעזונדערס שטאַרק אָנגעהויבּען ענטוויִקלען, זענען אַרויסגעקומען דִי ערשטע אִידִישע אִינדוסטריִע־אונטערנעמער. ווען מִיר וועלען נאָך דערצו צוגעבּען, אַז דִי נויט אִין קאַפּיִטאַל אִיז נאָך יעצט גרויס אִין רוסלאַנד, וועלען מִיר לייכֿט פֿערשטעהען, פֿאַר וואָס דער אִידִישער בּורזשואַזיע האָט זיִך אַיינגעגעבּען אפילו בּיי דִי אונמעגלִיכֿע פּאָלִיטִישע בּעגרענצונגען צו פֿערחאַפּען אַ גאַנץ פֿעסטען אָרט אִין לאַנד. נִיט־רעדענדִיג וועגען פֿיִנאַנץ־אִינסטיִטוטען און אַקציען־געזעלשאַפֿטען, וואו דער אִידִישער קאַפּיִטאַל פֿערנעמט גאָר אַ גרויס אָרט, וועט אִיהם אויך געפֿיִנען אִין אַ גרויסער מאָס אִין אַזעלכֿע גרויס־קאַפּיִטאַליִסטיִשע

אונטערנעמונגען, ווי צוקער־און מעהל־פּראָדוקציאָן, פֿערשידענע וואַלד־גע־
שעפֿטען און וואָל־פֿאַבריקען. פֿערשטעהט זיך, אַז אונזערע דאַטען וועגען אי־
דישען קאַפּיטאַל ווערען קיינמאָל ניט קענען זיין קיין ריכטיגע: ער פֿיהרט זיין
עקסיסטענץ אונטער אַ מאַסקע פֿון אַקציען און אָבליגאַציעס.

גאָר אַנדערש איז די ענטשטעהונג פֿונ׳ם אידישען פּראָלעטאַריאַט. ער
טרעט אַרויס אויף דער סצענע פֿיעל שפּעטער, ווען דער רוסלענדישער
קאַפּיטאַל האָט שוין געהאַט פֿערהאַפּט גרויסע קאַדרען פֿון קוואַליפֿיצירטע אַר־
בייטער, ווען געוויסע פּראָדוקציאָנס־צווייגען, וואו עס פֿאָדערט זיך אַ בעזונ־
דערע טעכנישע ערפֿאַהרונג, זענען שוין געווען פֿערנומען פֿון קריסטליכע
ענטוויקעלטע אַרבייטער. דער אידישער פּראָלעטאַריער קומט פֿונ׳ם קליינעם
פֿינסטערען ווערקשטאַט, וואו ער איז געווען אַ געזעל אָדער אַ לערען־אינגעל.
און ערשט אין די 90 יאָהרען האָט די דיפֿערענצירונג אין דער אידישער
מלאכה געגרייכט אַזאַ שטופֿע, ווען ס׳איז מעגליך אַ שטרייק פֿון אידישע אַר־
בייטער, און ס׳איז געבוירען געוואָרען דער געדאַנק פֿון אָרגאַניזירען זיך.

דער אידישער פּראָלעטאַריאַט האָט פֿון אָנהויב פֿון זיין
עקסיסטענץ געבילדעט אַ מלאכה־פּראָלעטאַריאַט: אין זיי־
נע רייהען האָט ער פֿון איין זייט ניט געהאַט די קאַדרען קוואַ־
ליפֿיצירטע אַרבייטער, וואָס פֿערנעמען די העכערע ערטער אין
דער פּראָדוקציאָן און שאַפֿען, אַזוי צוזאָגען, די רעגוליאַטאָרס
איהרע, — און פֿון דער אַנדערער זייט האָט ער זיך ניט אָנגע־
שפּאַרט אויף די ברייטע פֿיזיש־געזונדע פּויערשע מאַסען,
וואָס שאַפֿען, אַזוי צוזאָגען, די בלינדע מאַטעריע פֿון דער
מאָדערנער פּראָדוקציאָן; דערום האָט ער אויפ׳ן אַרבייטס־
פּלאַץ, וואו די קאָנקורענץ איזדערצו שרעקליך שטאַרק געווען,
געמוזט זיין דער שוואַכסטער, דער אַם וועניגסטען צוגעפּאַס־
טער און האָט געמוזט פֿערנעמען אַנ׳אָרט אין דער דריטער
קאַטעגאָריע אַרבייטער, אויף וועלכע עס שפּאַרט זיך אָן די
היינטיגע פּראָדוקציאָן: זיין אָרט אין דער פֿאַבריק איז געווען
מערסטענטיילס דאָרט, וואו עס פֿאָדערט זיך הויפּטזעכליך
פֿרויען־און קינדער־אַרבייט.

ווי מיר זעהען, זענען די פּאָזיציעס פֿון דער אידישער בורזשואַזיע און אי־
דישען אַרבייטער געווען שטאַרק פֿערשידען ביים אַריינטרעטען אין דער קאַ־
פּיטאַליסטישער וועלט — און ווען דער ערשטער האָט זיך איינגעגעבען צו
ווערען צו „לייטען" גלייך, בלייבט דער לעצטער אין זיין נאַציאָנאַלער טשעו־
טאַ ניט נאָר פּאָליטיש, נאָר, וואָס פֿיעל וויכטיגער, רייכער מיט פֿאָלגען. אויך
עקאָנאָמיש.

נאָך דיזע בעמערקונגען געהען מיר איבער צו דער בעהאַנדעלט ווערענ־
דער פֿראַגע. אויך אין דיזען פֿאַל שטעלען מיר זיך פֿאָר, אַז פֿאַר דער אי־

דישער בורזשואַזיע שטעהען צוויי סוביעקטיווע איינווערטיגע אַרבייטער=מאַסען, און וועמען פֿון זיי קלייבט זי אויס: דעם אידישען אָדער דעם קריסטליכען אַרבייטער? אונזער בעווייזונגס=מעטאָד וועט יעצט מוזען זיין עטוואָס אַ אַנדערער. העכער האָבען מיר, ווי מיר מיינען, בעוויזען, אַז די הויפּט=שטרעבונג פֿון דער אידישער בורזשואַזיע איז די אַסימילאַציע, און אַז איהר יאָגען=זיך נאָך דער קריסטליכער אַרבייטס=קראַפֿט ביים אָרגאַניזירען פֿון יעדער אונטערנעמונג מוז ווערען מיט דער צייט אַ אַלגעמיינע ערשיינונג. דערום ביים בעהאַנדלען די פֿראַגע, ווי ווירקען די פֿיער דערמאָנטע מאָמענטען וועלכע „נאַציאָנאַליזירען" די פּראָדוקציאָן פֿון דער קריסטליכער בורזשואַזיע אויף די בעציהונג פֿון דער אידישער בורזשואַזיע צו דער אידישער אַרבייטס=קראַפֿט, מוז זי פֿאָלגענדער מאַסען געשטעלט ווערען: וועלכע פֿון די מאָמענטען פֿערשטאַרקען אָדער שוואַכען אָב די ווירקונג פֿונ'ם לייט=מאָטיוו פֿון דער אידישער בורזשואַזיע, וועלכע איז א נ ט י נ אַ צ י אָ נ אַ ל? וועלכע פֿון זיי נויטען די אידישע בורזשואַזיע אָבצונייגען ביים אָרגאַניזירען איהרע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען פֿון איהר הויפּט=אינטערעס, וועלכער בעשטעהט אין דער אַסימילאַציאָן פֿון איהר פּראָדוקציאָן? ווי שטאַרק קען זיין דיזע אָבנייגונג, און צו קען זי ענדערען דעם גרונד=כאַראַקטער פֿונ'ם אידישען זיך אינדוסטריאַליזירענדען קאַפּיטאַל?

צום ערשטען וועגען דער נאַציאָנאַלער שפּראַך. ווי מיר האָבען שוין בעמערקט אויבען, האָט זיך צו דער צייט, ווען דער קאַפּיטאַליזם האָט פֿערהאַפּט געוויסע שיכטען פֿון אידישען פֿאָלק, שוין געפֿונען צווישען די לעצטע אַ גענוגע צאָהל אַסימילירטע עלעמענטען, און די רוסישע שפּראַך איז שוין דאַן געווען כמעט די הערשענדע אין די רייהען פֿון די העכערע קלאַסען. די לעצטע האָבען צו יענער צייט געהאַט זאָגאַר אַרויסגעטיילט אַ גאַנץ בעדייטענדע טייל פֿון בורזשואַזער אינטעליגענץ. פֿערשטעהט זיך, אַז די אינטערעסען פֿון דער שנעל=וואַכסענדער בורזשואַזיע האָבען געפֿאָדערט אַ פֿיעל אינטענסיווערע אַרבייט אין דיזער ריכטונג—אין דער ריכטונג פֿון צופּאַסען זיך צו דער רוסישער קולטור — און זי האָט זיך געסטאַרעט מיט געלד צו פֿערבייטען די פֿעהלענדע פּאָליטישע רעכטע. ס'איז אַלעמען בעקאַנט, אַז די גרעסטע צאָהל פֿון קאָמערץ=שולען אין דער טשערטאַ ווערען אויסגעהאַלטען אויפֿ'ן חשבון פֿון דער אידישער זאָגענאַנטער „קופּעצעסטוואָ", ד. ה. אויף די מיטלען פֿון דער אידישער גרויס=און מיטעל=בורזשואַזיע. מיר מיינען זאָגאַר אַז אי די שמחה מיט וועלכע דער אידישער בורזשואַ צייהלט אָב פֿאַר ניין אָרימע קריסטליכע קינדער, אַבי זיינער זאָל צוגענומען ווערען אין גימנאַזיום, אויך די טרערען, מיט וועלכע ער איז מודיע אין דער היים, אַז די „אַרבייט" האָט זיך איינגעגעבען — אי די ערשטע, אי די לעצטע האָבען גאָר ווייניג צו טהאָן מיט ליעבע צו מענשהייט און שטרעבונג צו וויסענשאַפֿט.

דאָ טרעטען אַרויס אין אַ בעהאַלטענער פֿאָרם די רעאַלסטע אינטערעסען

פֿון דער אידישער בורזשואַזיע. דאָ קויפֿט די לעצטע פֿאַר געלד פּאָליטישע רעכטע, ווייל דורך אַנדערע מיטלען איז זי ניט פֿעהיג זיי צו ערווערבען. מיר זעהען אַלזאָ, אַז אַי אין אָנהויב פֿון איהר ענטשטעהען, אַי אין איהר ווייטערדיגער ענטוויקלונג איז די אידישע בורזשואַזיע ניט געווען געצוואונגען צוליעב דער טעכנישער אָרגאַניזאַציאָן פֿון איהרע אונטערנעמונגען זיך צו נוצען דוקא מיט אידישער אַרבייטס-קראַפֿט; פֿערקעהרט, פֿון לכתחילה אָן זענען שוין געווען אַזעלכע טיילען אין דער גרויס-בורזשואַזיע, וועלכע ס'איז פֿיעל שווערער געווען זיך „צונויפֿשמועסען" מיט'ן אידישען אַרבייטער, אַלס מיט'ן רוסישען. אַלענפֿאַלס קענען מיר פֿעסט זאָגען, אַז ביחס צו דער שפּראַך האָט די הויפּט-שטרעבונג פֿון דער אידישער בורזשואַזיע — זיך אַסימילירען און וואָס שנעלער אַסימילירען די אונטערנעמונגען — ניט געטראָפֿען אויף איהר וועג קיינע שטערענישען. אין דער ווירקליכקייט אָבער האָט די קולטורעלע אַסימילאַציאָן, וועלכע האָט פֿערהאַפּט אַ געוויסע טייל פֿון די אידישע העכערע קלאַסען נאָך פֿאַר דער קאַפּיטאַליזירונג, שטאַרק מיטגעהאָלפֿען דער מאַטעריעלער אַסימילאַציאָן.

די ווירקונג פֿונ'ם נאַציאָנאַלען אונטערשיעד אויפֿ'ן קלאַסען-קאַמפּף ווייזט אויס ווירקליך ווי איינער פֿון די מאָמענטען, וועלכער וואָלט געדאַרפֿט געוויסערמאַסען טאָרמאַזירען די שטרעבונג פֿון דער אידישער בורזשואַזיע צו קריסטליכע אַרבייטס-קראַפֿט. דאָ פֿעהלט אָבער די צווייטע זייט פֿון דיזען מאָמענט — די מעגליכקייט פֿאַר דער גרויסער בורזשואַזיע צו שפּילען אויף די נאַציאָנאַלע געפֿילען פֿונ'ם אידישען אַרבייטער. אויף דער אידישער אייגענאַרטיגער גאַס שפּיגעלט זיך אַלץ אָב אין אַ בעזונדעראַרטיגער פֿאָרם: אָדער גאָר אין אַ עקסטרעמער פֿאָרם, אָדער גאָר אין אַ שוואַכער, גאָר אַ בלייכער פֿאָרם. אַלגעמיינע געוועגליכע ערשיינונגען נעהמען אָפֿט אָן אויף דער אידישער גאַס געשטאַלטען אָדער פֿון בלוטיגע דריקענדע קאָשמאַרען אָדער פֿון בלאַסע שאָטענס פֿון בלאָנזענדע טוידטע צורות. די נאַציאָנאַליסטישע פּאָליטיק פֿון דער בורזשואַזיע פֿון אַלע פֿעלקער געפֿינט אויף דער אידישער גאַס אַ גאַנץ שוואַכען אָבקלאַנג, אַי דאָס נאָר אין די ראַהמען פֿון דער מיטעלער בורזשואַזיע, וועלכע איז נאָך מאַטעריעל געבונדען מיט דער „טשערטאַ". די אידישע גרויס-בורזשואַזיע איז אודאי נאַציאָנאַליסטיש, נאָך מעהר קאַטויליש אַלס דער פּאַפּסט זעלבסט, נאָר קיינמאָל ניט אין אידישען זין. די נאַציאָנאַליסטישע פּאָליטיק פֿון דער אידישער מיטעלער בורזשואַזיע האָט געפֿונען איהרע אידעאָלאָגען אינ'ם אַלגעמיינעם כלל-ישראלדיגען ציוניזם פֿון איין זייט און אינ'ם אידיש-נאַציאָנאַלען רוסיש-פּאַטריאָטישען ליבעראַליזם אַ לאַ „וואָסחאָד" פֿון דער צווייטער זייט. די גרויסע אידישע בורזשואַזיע אָבער איז פֿון אָנהויב אָן און אויף אימער געבליבען טריי איהר אַסימילאַציאָנס-אָבגאָט, אין וועלכען זי האָט געזעהען דעם בעסטען קוואַל צו הנאה האָבען פֿון דער וועלט, און ווען זי האָט זיך געווענדעט צו די נידרי-

נערע אידישע קלאַסען, און אין דעם כּלל אויך צום פּראָלעטאַריאַט, האָט זי איהם ניט געטראָגען קיינע אידישע נאַציאָנאַליסטישע, נאָר רוסיש (אָדער פּויליש)-פּאַטריאָטישע אידעאַלען. און ווען די אידישע גרויס-בורזשואַזיע הויבּט שוין יאָ כּלומרשט אָן צו זאָרגען פאַר כּל-ישראל אינטערעסען, דריקט זיך דאָס אויס אָדער אין צוזייאונגס-פּאָליטיק *) אָדער אין אינטענסיווען רופען צו אַסימילאַציאָן. פערשטעהט זיך, אַז אַזאַ בורזשואַזיע קען ניט אויסנוצען די נאַטירליכע נאַציאָנאַלע געפיהלען פון די אַרבייטער-מאַסען צוליב איהרע נאַציאָנאַליסטישע ציעלען. נעמען מיר נאָך אין אַכט די קאָנקרעטע לאַגע אין רוסלאַנד, די קולטורעלע אָבגעשטאַנענהייט פון די רוסישע אַרבייטער-מאַסען אין פערגלייך מיט דער אידישער, וועלען מיר ערשט זעהען, ווי וועניג דיזער מאָמענט האָט געקענט ענדערען דעם הויפּט-כאַראַקטער פון דער אידישער גרויס-בורזשואַזיע. צוליב אַ גאַנצע ריי־הע אורזאַכען, איבערהויפּט פון היסטאָריש-פּאָליטישען כאַראַקטער, אויף וועלכע מיר קענען זיך דאָ ניט אָבשטעלען, האָט דער קלאַסען-בעוואוסטזיין, אייגענטליך דער טיפער האַס צו דער געגענוואַרטיגער אָרדנונג, געפונען אַ פיעל שטאַרקערען און טיפערען אָבקלאַנג אין די הערצער פון אידישען אַרבייטער, אַלס פון'ם קריסטליכען. פערשטעהט זיך, אַז דער שוואַכער קלאַסען-בעוואוסטזיין פון'ם לעצטען איז נאָר אַ צייטליכער און אין פיעלע פאַלען וועט טאַקי, מיינען מיר, דער נאַציאָנאַלער אונטערשיד צווישען בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט מיטהעלפען זיין אויפוואַכען. אונז איז אָבער דאָ אינטערעסאַנט נאָר דאָס, וואָס אין אָנהויב פון איהר ענטוויקלונג האָט די אידישע גרויס-בורזשואַזיע נאָך געפונען אַ מיטהעלפענדען מיטעל צו איהר שטרעבונג צו אַסימילאַציאָן אין דער מעגליכקייט בּרייט צו עקספּלואַטירען די אונקולטורהייט פון דער קריסטליכער מאַסע.

איבערגעהענדיג צום דריטען מאָמענט—די ווירקונג פון'ם וואוכס פון דער אַרבייטס-לאָזיגקייט — רעכענען מיר פאַר איבּריג זיך דעטאַל אָבשטעלען אויף איהם. ס'איז צו קלאָר, אַז דער וואוכס פון דער אידישער אַרבייטס-לאָזיגער אַרמעע קען האָבען גאָר אַ שוואַכע ווירקונג אויף דער אידישער גרויס-בורזשואַזיע, שאַפט פאַר איהר גאָר אַ קליינע סכּנה. די נעכסטע ווירקונג פון דער אַרבייטס-לאָזיגער אַרמעע אויף דער בורזשואַזיע דריקט זיך דערווייל אויס ניט אין דירעקטע טהאַטען פון איהר זעלבּסט, נאָר דורך דער טעטיגקייט פון'ם פערנומענעם פּראָלעטאַריאַט, דיזע מעגליכע אַרבייטס-לאָזיגע. דער אידישער פערנומענער פּראָלעטאַריאַט בילדעט אָבער ניט אַזאַ מאַכט, אַז ער זאָל קענען צווינגען די אידישע בורזשואַזיע צו אָפּפערען מיט די אינטערעסען פון מאַרק. חוץ דעם, ווען אפילו די אידישע אַרבייטס-לאָזיגע אַרמעען זאָלען בילדען אַ געוויסע געפאַהר פאַר דער געזעלשאַפט, האָט דיזע געפאַהר אויך נישט

---

*) דער פּעטערבורגער קאָמיטעט צו העלפען אידישע בעלי-מלאכות האָט געהאַט זיין הויפּט-ציל צו מאַכען שיטערער די טשערטאַ; די זעלבע ציעלען פערפאָלגען ספּעציעלע קאָמיטעטען אין לאָנדאָן און ניו-יאָרק.

צו טהאָן מיט דער אידישער גרויס-בורזשואַזיע, אַלס אַזעלכע, ווייל אַלס אַ אידישע עקסיסטירט זי גאָר ניט. די אידישע גרויס-בורזשואַזיע געפינט איהר שוץ אין דעם היינזיכט אונטער די פליגעל פון דער הערשענדער בורזשואַזיע און ביחס צו דער לעצטער איז די אידישע אַרבייטס-לאָזיגקייט ניט פעהיג גאָר ניט צו טהאָן. אַ געוויסען שאָדען ברענגט געוויס די אידישע אַרבייטס-לאָזיגקייט דעם לאַנד, וואו זי געפינט זיך, אַ שאָדען מעהר אַ מאָראַלישען, ווייל זי ווערט די ערשטע טרעגערין און פרעדיגערין פונ'ם אַנאַרכיזם—נאָר געגען די זער קרענק קעמפפט די אידישע גרויס-בורזשואַזיע מיט די זעלבע מיטלען, וואָס די בורזשואַזיע פון דער הערשענדער נאַציע. בכלל ענטפערט די אידישע גרויס-בורזשואַזיע אויף דער אַרבייטס-פראַגע פון די ברייטע אידישע מאַסען מיט די זעלבע תירוצים, וואָס די הערשענדע בורזשואַזיע. אין ענגלאַנד שטעהט זי פאַר רעפּרעסיעס געגען די עמיגראַנטען, פערשטעהענדיג די פראַגע גלייך מיט טשעמבערלען. אין רוסלאַנד, פערקעהרט, איז זי זיך משתדל צו בעקומען פריווילעגיעס פאַר די אידישע עמיגראַנטען, אַבי פּטור צו ווערען פון דיזע „איבריגע און אונרוהיגע" עלעמענטען.

דער בריק, וועלכער פערבינדעט ביי אַלע טעריטאָריאַלע פעלקער די ניט-בעשעפטיגטע אַרבייטער מיט דער בורזשואַזיע—דער פערנומענער פראָלעטאַריאַט—דיזער בריק פעהלט צווישען די אידישע אַרבייטס-לאָזיגע און אידישע גרויס-בורזשואַזיע. און מיר מוזען מודה זיין, אַז די לעצטע געהט איהר היסטאָרישען וועג—אַסימילירען זיך און אַסימילירען איהרע אונטערנעמונגען—אָהן שטערענישען, אַלענפאַלס פון דער זייט פון די אידישע אַרבייטער-מאַסען.

דער פיערטער מאָמענט—דער אַנטיסעמיטיזם—איז אין דיזען פאַל אויסגעשלאָסען און מיר קענען שליסען אונזער אַרבייט. ס'איז גאַנץ לייכט צו בעמערקען, אַז אַלע בעשריבענע מאָמענטען, וועלכע זענען ריין-בורזשואַזע, ווייל זיי דינען די אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע, ווירקען דאָך שטאַרק אויפ'ן אַרבייטס-מאַרק, וואו עס טרעטען אַרויס צוויי אין אַלע אינדיווידועלע הינזיכטען אייננווערטיגע אַרבייטער-מאַסען, ווייזט זיך אַרויס, אַז איינע פון זיי ווערט פאַרגעצויגען דער צווייטער, פערלאָפט די בעסטע ערטער אין דער פּראָדוקציאָן און דאָס אַלעם טרעפט אדאַנק דער מאַכט פון דעם קאָלעקטיוו, פון דער נאַציאָן, צו וועלכע זי געהערט. אַנדערש געזאָגט, אַ אָרגאַן פון אַ געזונדערען אָרגאַניזם מוז שטאַרקער זיין, אַלס דער זעלבער אָרגאַן פון אַ שוואַכען אָרגאַניזם; דער ערשטער מוז זיגען אין קאַמפף מיט'ן צווייטען.

אונז אינטערעסירט אָבער מעהר די צווייטע זייט פון דער ערשיינונג: די פּאָזיציע פונ'ם פּראָלעטאַריאַט די זעלבע ערשיינונגען, וואָס פערשטאַרקען די פּאָזיציע פון דער הערשענדער נאַציע, שוואַכען אָב די זעלבע ביים פּראָלעטאַריאַט פון דער אונטערדריקטער נאַציע. דאָס פּאָזיטיווע פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט פון

דער הערשענדער נאַציע ווערט אויף אַזאַ אופן נעגאַטיוו פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט פֿון דער אונטערדריקטער. בעזאָנדערס איז דאָס ריכטיג ביחס צום אידישען פּראָלעטאַריאַט, וועלכער בילדעט פֿון זיך אומעטום, אויך צווישען די אונטערדריקטע אַרבייטער-קערפּער, אַ אונטערדריקטע מינדערהייט. פֿערשטעהט זיך, אַז „אונטערדריקט" דאַרף מען דאָ ניט פֿערשטעהען אין פֿאָרמאַלען זין, אין יורידישען, נאָר אין'ם פֿיעל טיעפֿערען און ווירקליכערען זין, וואָס ס'ווערט בעשאַפֿען דורך די פֿאַקטישע קרעפֿטען-פֿערהעלטניסען, וועלכע עקסיסטירען צווישען צוזאַמענלעבענדע פֿערשידענע סאָציאַלע קערפּער.

---

מיר האָבען שוין געזעהען, ווי דער אַנטינאַציאָנאַלער כאַראַקטער פֿון דער אידישער גרויס-בורזשואַזיע ווירקט אויף דער לאַגע פֿון אידישען אַרבייטער, ווי די טענדענץ צו אַסימיליאַציאָן ברייננט די אידישע פּראָדוקציאָן צום אויסמיידען פֿון אידישע אַרבייטס-קראַפֿט; מיר האָבען אויך געזעהען, ווי די מאָמענטען, וועלכע דינען ביי די טעריטאָריאַלע פֿעלקער צו גינסטען פֿון פּראָלעטאַריאַט, ווענדען זיך געגען די אינטערעסען פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט, ווייל צווישען לעצטען און צווישען דער אידישער גרויס-בורזשואַזיע פֿעהלט יעדער בונד, עס פֿעהלט דער קלאַסען-אַנטאַגאָניזם אין דירעקטען זין פֿון דיזען וואָרט און, פֿערקעהרט, עס ווערט נאָך אויסגעגראָבען צווישען זיי אַ נאַציאָנאַלער תהום.

די אידישע גרויס-בורזשואַזיע, פֿערהאַפֿענדיג אַלץ מעהר אַ אָרט צווישען דער בורזשואַזיע פֿון דער הערשענדער נאַציע, ווערט נאַציאָנאַליסטישע אין איהר זין, אַנטינאַציאָנאַל אין אידישען זין; פֿערקעהרט, די אידישע אַרבייטער-מאַסען, איזאָלירטע אין דער ענגער מאַנופֿאַקטור און ווערקשטאַט פֿון דער משׂרתא, אַרויסגעוואָרפֿענע טאָג-טעגליך אויך פֿון דיזע לעבענס-צווייגען, פֿיהלען זיך אַלץ ווייניגער צוגעבונדען צום לאַנד, נאַציאָנאַליזירען זיך אַלץ מעהר אין'ם אידישען זין. אָט אַזוי ווערט אַלץ ברייטער און טיעפֿער דער נאַציאָנאַלער תהום צווישען דער אידישער גרויס-בורזשואַזיע און אידישען אַרבייטער, אַ תהום, וועלכער מאַכט אונמעגליך ווי יעדע אַלגעמיינע הייט פֿון אינטערעסען, אַזוי אויך יעדען אַנטאַגאָניזם פֿון אַזעלכע.

* * *

מיר האָבען נעענדיגט אונזער אַרטיקעל וועגען אידישען אַרבייטער אין רוסלאַנד. דאָס בילד קומט אויס מעהר אַלס טרויעריג... אָרים איז זיין לאַגע, שווער איז זיין עקאָנאָמישער קאַמפּף; קליין איז זיין סאָציאַלע בעדייטונג, אַלס אַ קלאַס פֿון אַ בעזונדער נאַציאָנאַלער גרופּפּע, פֿול מיט ווידערשפּריכען איז זיין

פּאָליטישער קאַמפּף. — מיר האָבען זיך געסטאַרעט ניט שוואַרצער מאַלען די אַזוי אויך גענוג שוואַרצע פאַרבען; מיר האָבען זיך בעמיהט ניט פערשאַרפען די טרויעריגקייט פון דער צו טרויעריגער אידיש=פּראָלעטאַרישער ווירקליכקייט, פינסטער און דונקעל איז דער אידיש=פּראָלעטאַרישער „היינט", פיעל רעטעניששען און אונערוואַרטקייטען ענטהאַלט אין זיך זיין נאָהענטער „מאָרגען"...

מיר גלויבען אָבער, אַז ווי שרעקליך די ווירקליכקייט זאָל ניט זיין, ווי טרויעריג דאָס אמת'ע לעבען זאָל ניט אויסזעהען, איז נאָר דאָס אונשרעקליכע אויפדעקען פון אַלע זיינע פינסטערע זייטען, נאָר דאָס אונערבאַרימע אויפדעקען פון אַלע זיינע דונקעלע אויסערונגען—קען אונז בעלייכטען דעם וועג צו אַ נייער צוקונפט, קען אונז אָנצייכנען די ריכטונג, נאָך וועלכע דער וועג דאַרף געזוכט ווערען.

נאָר ביי דער אמת'ער ליכט פון דער אידישער ווירקליכקייט, ביים אָביעקטיווען וויסען פונ'ם אידיש=פּראָלעטאַרישען „היינט" און זיין מעגליכער לאַגע אינ'ם נאָהענטען גלות=מאָרגען — נאָר ביי אַזאַ „ערקענען" פון לעבען פון אַ סאָציאַלער גרופּע איז מעגליך דאָס קענען פון דיזער גרופּע צו ענדערען דיזעם לעבען, דאָס וויסען, ווי אַזוי דאָס ענדערען דאַרף פאָרקומען.

№ I.

## דער צושטאנד פונ'ם האנדעל און אינדוסטריע אין די אינערע גובערניען אין 1889 יאהר*).

| די גובערניען. | דער האנדעל. די צאָהל איינוואוינער. | די צאָהל אָנגעמעלדעטע מענשען. | דער יעהרליכער אָבאָראָט. | די פאַבריקאַציאָן. די צאָהל פאַבריקען. | די צאָהל אַרבּייטער. | די סומע פון די אויסגעארבייטע פראָדוקטען אין טויזענד רובעל. | די דורכשניטליכע סומע פון די פראָדוקטען פון 1 פאַבריק. | די דורכשניטליכע צאָהל אַרב. אויף 1 פאַבריק. | דער דורכשניט. אבאָראָט פון 1 האנדעלס-אונטערנעמונג. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ארחאנגעלסקער . . . . . . . | 315730 | 583 | 10283200 | 124 | 2065 | 2729 | 22008 | 17 | 17638 |
| אַסטראַחאַנער . . . . . . . | 802886 | 1410 | 47657200 | 131 | 2522 | 2972 | 22687 | 12 | 33799 |
| וולאַדימירער . . . . . . . | 1376042 | 1905 | 25706400 | 465 | 98132 | 115176 | 247692 | 211 | 13494 |
| וואָלאָגדער . . . . . . . | 1198602 | 1452 | 16086700 | 98 | 3627 | 2532 | 25837 | 37 | 11079 |
| וואָראָנעזשער. . . . . . . | 2538719 | 1984 | 16159800 | 318 | 2456 | 4749 | 14934 | 8 | 8145 |
| וויאַטקער . . . . . . . | 2859004 | 1947 | 15920900 | 301 | 12935 | 7929 | 26342 | 43 | 8126 |
| א. וואָיסקא-דאָנסקאָווא. . . . | 1896113 | 3411 | 136079200 | 788 | 8665 | 23344 | 29624 | 11 | 39894 |
| קאזאנער . . . . . . . | 2066446 | 2311 | 41916400 | 182 | 8196 | 12238 | 67242 | 45 | 18138 |
| קאַלוגער . . . . . . . | 1173876 | 1057 | 11137200 | 213 | 8746 | 4906 | 23033 | 41 | 10537 |
| קאָסטראָמער . . . . . . . | 1315484 | 1589 | 14243800 | 289 | 33579 | 29003 | 100356 | 116 | 8964 |
| קורסקער . . . . . . . | 2266573 | 2531 | 26329600 | 310 | 5820 | 11150 | 35967 | 19 | 10403 |
| ניזשני-נאָווגאָראָדער. . . . . | 1469447 | 1345 | 27975800 | 288 | 7570 | 12528 | 43500 | 26 | 20700 |
| נאָווגאָראָדער. . . . . . . | 1194078 | 1815 | 14373400 | 171 | 7847 | 6527 | 38170 | 46 | 7919 |
| אָלאָנעצקער . . . . . . . | 333405 | 503 | 4678800 | 32 | 1059 | 1151 | 35966 | 33 | 9302 |
| אָרענבורגער . . . . . . . | 1244778 | 1999 | 30463900 | 129 | 975 | 2646 | 20512 | 8 | 15240 |
| אָרלאָווער . . . . . . . | 1963706 | 2359 | 29716800 | 460 | 14037 | 15509 | 33702 | 31 | 12559 |
| פענזער . . . . . . . | 1471391 | 1098 | 10483600 | 76 | 4689 | 3989 | 52434 | 62 | 9548 |
| פערמער . . . . . . . | 2649573 | 3640 | 54780700 | 917 | 13360 | 22291 | 24308 | 16 | 15041 |
| פּסקאָווער. . . . . . . | 948080 | 1308 | 28132100 | 122 | 1594 | 2886 | 23656 | 13 | 21508 |
| מאָסקווער. . . . . . . | 2183579 | 8898 | 1622059400 | 1626 | 183812 | 234588 | 144273 | 113 | 182295 |
| ריאזאנער . . . . . . . | 1783958 | 1025 | 22456000 | 576 | 13493 | 13662 | 23718 | 23 | 11665 |
| סאַמאַרער. . . . . . . | 2412887 | 4074 | 49132000 | 184 | 3932 | 6315 | 35442 | 22 | 12059 |
| סאַראַטאָווער . . . . . . . | 2222000 | 2763 | 33708300 | 799 | 13306 | 17651 | 22091 | 18 | 12200 |
| פעטערבורגער . . . . . . . | 1646057 | 8487 | 2227794600 | 609 | 73713 | 145052 | 238181 | 121 | 262614 |
| סימבירער . . . . . . . | 1527762 | 1432 | 13146500 | 761 | 1058 | 9655 | 12687 | 1 | 9181 |
| טאַמבאָווער . . . . . . . | 2607881 | 2121 | 23933900 | 226 | 8498 | 4812 | 21292 | 38 | 11237 |
| טווערער . . . . . . . | 1681790 | 2038 | 33920400 | 322 | 17906 | 22781 | 70748 | 56 | 16644 |
| טולער . . . . . . . | 1409432 | 1988 | 16875700 | 1065 | 8826 | 18743 | 17600 | 8 | 8848 |
| אופימער . . . . . . . | 1874154 | 2060 | 23816700 | 185 | 1478 | 4000 | 21621 | 8 | 11561 |
| האַרקאָווער . . . . . . . | 2553873 | 2939 | 106124800 | 331 | 8538 | 19494 | 58894 | 26 | 36109 |
| יאַראָסלאַווער. . . . . . . | 1049971 | 2795 | 36531100 | 304 | 20624 | 23108 | 76013 | 68 | 13070 |
| סך-הכל . . | 52037177 | 75761 | 4771734900 | 12397 | 583048 | 564536 | 45538 | 47,03 | 62984 |

*) די טאַבעלע איז צוזאַמענגעשטעלט נאָך פעטלינס בוך: Петлинъ, Опытъ описанія губерній и областей Россіи.

